צוּקֶערְמַאנְן׳ס פָאלְקְסבִּיבְּלִיאָטְהֶעק .

---

דער

# קֶאנִיג לִיר

אָדֶער

## דִי אוּנְדַאנְקְבַּארֶע קִינְדֶער

בֶּעאַרְבֵּייטֶעט נָאךְ שֶׁעקְסְפִּירְס טְרַאגֶעדְיֶע

פוּן א. ש. האלפּערין .

מיט בילדער

ВАРШАВА
ВЪ ТИПОГРАФІИ АЛЕКСАНДРА ГИНСА.
Новозельная № 47.

---

1898.

פאר דעם הערצאג קארנוואל און קארדעליע איז נאך געוועזען א פרייליך; צו איהר האבען זיך געשדכנט צוויי חתנים: הערצאג פון בורגונדיע און דער פראנצאזישער קעניג, וועלכע זיינען צוליעב דעם געקומען צו פאהרען צו ליר'ן.

און גראדע זיינען זיי געקומען צופאהרען אין דערזעלבער צייט, ווען ליר האט געדענקט איבערצוגעבען זיין מלוכה די קינדער. ליר'ן איז ארויפגעקומען א געדאנקען צו פרובירען אויב די טעכטער האבען איהם ווירקליך ליעב און ער האט בעשלאסען אוועקצוגעבען דעם גרעסטען טהייל פון קעניגרייך דער, וואס האט איהם אם שטארקסטען ליעב.

מיט דער ציעל האט ליר בעפאהלען זיינע טאכטער זאלען קומען צו איהם אין פאלאץ. אנגעטהון אין קעניגליכע קליידער מיט דער קרוין אויפ'ן קאפ האט זיך ליר געזעטצט אויף זיין גאלדענען שטול, און ארום איהם זיינען געשטאנען אלע זיינע מיניסטארען און הויפלייטע. די טעכטער זיינען באלד געקומען. ליר האט זיך באלד געווענדעט צו זיי מיט די ווערטער: איך האב זיך בעשלאסען צו די עלטערע יאהרען אראבצווארפען פון זיך דעם יאך פון רעגירונג; עס איז שוין צייט, דאס די יונגע זאלען רעגירען. איך וויל צוטהיילען מיין קעניגרייך מיינע 3 טעכטער, און די, וועלכע האט מיך אם שטארקסטען ליעב וועט בעקומען דעם גרעסטען טהייל.

— אלזא, האט דער קעניג ליר זיך געווענדעט צו גאנעריליע, דו, אלס עלטערסטע טאכטער, רייד די ערשטע.

— געעהרטער פאטער! איך ליעב אייך שטארקער ווי מען קען דאס אויסדריקען מיט ווערטער, שטארקער אלס די ליכטיגקייט פון מיינע אויגען, די פרייהייט, שאנהייט, רייכטהום, עהרע און דאס לעבען. מיינע ווערטער זיינען גאר נישט געגען אזא ליעבע און מיין שטימע איז שוואך פאר אזעלכע ווערטער.

# I. לִיעֶבֶּע אָהן וָוארְטֶער.

בֵּייַנאהֶע 2 טויזֶענְד יָאהר צוּרִיק הָאט אִין בְּרִיטַאנְיֶע, יֶעטְצְטִיגֶע עֶנגְלַאנְד, רֶעגִירְט אַ גְרויסֶער, שְׁטַארְקֶער קֶאנִיג לִיר, וֶועלְכֶער הָאט לִיעבּ גֶעהַאט, דָאס אַלֶע אוּנטֶערטְהַאנֶער פוּן זַיין לַאנְד זָאלֶען צִיטֶערן פַאר אִיהם אוּנ אַלֶעס זָאל פַאר אִיהם אַיינְבּויגֶען דֶעם קָאפּ. עֶר אִיז גֶעוֶוען זֶעהר אַ שְׁטְרֵיינְגֶער קֶאנִיג: וָועמֶען עֶר הָאט גֶעוָואלְט הָאט עֶר גֶעהָאנְגֶען אוּנ וֶועמֶען עֶר הָאט גֶעוָואלְט הָאט עֶר גֶעלָאזְט לֶעבֶּען. אוּנ קֵיינֶער הָאט זִיךְ דֶערוֶואגְט אִיהם נִיט צוּ פָאלְגֶען. עֶר הָאט רֶעגִירְט אִין זַיין לַאנְד, וִוי מֶען זָאגְט, וִוי אַ גָאטט, אוּנ אַלֶע אוּנטֶערטְהַאנֶער הָאבֶּען וִוירְקְלִיךְ גֶעצִיטֶערְט פַאר אִיהם וִוי פִיש אִין וַואססֶער. וָואס זַיין מויל הָאט נוּר אויסגֶעשְׁפְּרָאכֶען, הָאט דָאס גֶעמוּזְט בַּאלְד בֶּעשַׁאפֶען ווֶערֶען; דַארִיבֶּער הָאט זִיךְ יֶעדֶער גֶעסְטַארֶעט אִיהם צוּ הַנְפֶּנֶען אוּנ מִיט אַלֶער מֶאגְלִיכְקֵייט גֶעזֶעהֶען צוּ עֶרפִילֶען דֶעם קְלֶענְסְטֶען קַאפְּרִיז זַיינֶעם. פוּנדֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען אַלֶע אוּנטֶערטְהַאנֶער גֶעלִיעבְּט אוּנ גֶעאַכְטֶעט לִיר'ן, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען זֶעהר אַ גוּטֶער אוּנ אַ קְלוּגֶער קֶאנִיג אוּנ אוּנְטֶער זַיין שׁוּטְץ הָאבֶּען אַלֶע גְלִיקְלִיךְ גֶעלֶעבְּט.

אַלְס לִיר אִיז גְרוי אוּנ אַלְט גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט גֶעפִיהלְט, דָאס עֶר אִיז שׁוֹין נִיט אִין שְׁטַאנְד וַוייטֶער צוּ רֶעגִירֶען אִין זַיין קֶאנִיגְרַייךְ. הָאט עֶר בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ צוּטְהֵיילֶען זַיין לַאנְד צְווִישֶׁען זַיינֶע קִינְדֶער. עֶר הָאט גֶעהַאט 3 טָאכְטֶער: גָאנֶערִילְיֶע, רֶעגִינֶע אוּנ קָארְדֶעלְיֶע. זֶעהר שְׁטַארְק הָאט עֶר גֶעלִיעבְּט דִי יוּנגְסְטֶע טָאכְטֶער – קָארְדֶעלְיֶע. גָאנֶערִילְיֶע הָאט גֶעהֵייראַטְהֶעט פַאר דֶעם הֶערְצָאג אַלְבַּאנִי. רֶעגִינֶע

– יֶעטצְט וָואס װֶעט זָאגֶען אוּנְזֶער צְװֵייטֶע בְּהַייֶערֶע טָאכְטֶער רֶעגִינֶע קָארְנוַואל ?

– אִיךְ הָאבּ דִיזֶעלְבֶּע מֵיינוּנְג װִי מַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ שְׁטִימְם אֵיין אוֹיף אִיהרֶע רֵייד ; אִיךְ קֶען נוּר צוּגֶעבֶּען , דָאס אַלֶע פֶּערְגְנִיגֶען פוּן דֶער װֶעלְט הָאבֶּען בַּיי מִיר קֵיין װִירְדֶע אוּנ דָאס גְלִיק פוּן מַיין לֶעבֶּען גֶעפִּין אִיךְ נוּר אִין הֶער לִיעבֶּע צוּ מֵיין הָאכְגֶעאַכְטֶעטֶען פָאטער .

– נוּ , מַיין קִינְד , וָואס װֶעסְט דוּ זָאגֶען , הָאט לִיר , קָוֶועגְדִיג מִיט לִיעבֶּע אוֹיף קָארדֶעלְיֶען , גֶעפְּרֶעגְט .

– גָאר נִיט , אַללֶמאכְטִיגֶער קֶאנִיג .

– וָואס הֵייסְט גָאר נִיט ? האט ליר פֶערוואונדֶערְט אִיבֶּערגֶע־פְּרֶעגְט .

– יַא , הֶערר קֶאנִיג , גָאר נִיט , הָאט קָארדֶעלְיֶע מִיט אַ זִיסֶער שְׁטִימֶע אִיבֶּערגֶעחַזֶרְט .

– פוּן גָאר נִיט װֶעט װֶערֶען גָאר נִיט ; בֶּעקְלֶער זִיךְ גוּט אוּנ אֶנְטְ־װֶער מִיר אוֹיף מַיין פְּרַאגֶע .

– אִיךְ בִּין אַזוֹי אוּנגְלִיקְלִיךְ , – דָאס מַיין לִיעבֶּע צוּ אַייךְ קֶען אִיךְ נִיט אוֹיסדְרִיקֶען מִיט װֶערְטֶער . אִיךְ לִיעבּ אַייךְ , קֶאנִיג , װִי מַיין פְּפְלִיכְט הֵייסְט מִיר , נִיט מֶעהר אוּנ נִיט װֶענִיגֶער .

– וָואס ? וָואס רֶעדְסְט דוּ , קָארדֶעלְיֶע ? גִיעבּ מִיר אַ בֶּעסֶערֶע אַנְטְ־װָארְט .

– הֶערר קֶאנִיג ! אִיהר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען דָאס לֶעבֶּען אוּנ עֶרצִיְ־הוּנְג , אִיהר הָאט מִיר גֶעלִיעבְּט , אוּנ אִיךְ , װִי מַיין פְּפְלִיכְט פָאדֶערְט , לִיעבּ אַייךְ , בִּין אַייךְ אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען אוּנ פָאלְג אַייךְ וָואס אִיהר פֶּער־לַאנְגְט נוּר פוּן מִיר . מַיינֶע שְׁוֶועכְטֶער הָאבֶּען אַייךְ גֶעזָאגְט , דָאס זֵיי לִיעבֶּען נוּר אַייךְ . אוֹיבּ דָאס אִיז אֶמֶת , וָוארוּם הָאבֶּען זֵיי גֶעהֵייראַטְהֶעט ? אִיךְ זָאג אַייךְ אָפֶען , אוֹיבּ אִיךְ װֶעל הֵייראַטְהֶען , װֶעל אִיךְ אַ טְהֵייל

ליעבּע אַװעקגעגעבּען מײן מאַנן . װען איך זאָל ליעבּען נור דעם פּאָטער, װאָלט איך קײנמאָל געהײראַטהעט .

– דו מײנסט דאָס ערנסט ?

– יאַ, קאָניג !

– דו ביזט נאָך אַזױ יונג אונ האָסט שױן אַ שלעכט האַרץ ?

– איך בין יונג , אָבּער דעם אמת מוז איך זאָגען.

– זאָל זײן װי דו זאָגסט, האָט ליר מיט כּעס געשריען, זאָל דיזער אמת זײן דײן נדן. איך שװער בּײ הימעל אונ ערד אונ אַלע שטערן, דאָס איך בּין פון הײנט אָן ניט מעהר איהר פּאָטער; איך האָבּ זי געליעבּט אונ צו די עלטערע יאָהרען האָבּ איך געהאָפּט צו געפינען אַ טרײסט אונ אַבּרוה בּײ איהר , אָבּער יעטצט נאָך אַזעלכע קאַלטע װאָרטער איז זי מעהר מײן טאָכטער ניט. אַ װילדער, װעלכער עסט מענשענפלײש , װעט מיר יעטצט ליעבּער זײן צום הערצען אַלס דו , מײן געװעזענע טאָכטער . מײן גאַנצע קאָניגליכע מאַכט אונ רעגירונג גיעבּ איך איבּער מײנע עלטערע טאָכטער, אונ קאָרדעליע׳ס נדן זאָל זײן איהר אײגענער שטאָלץ . פון אַלע מײנע הױפלײטע לאָז איך זיך איבּער נור 100 מאַנן אונ דעם קאָניגליכען טיטול. װאָהנען װעל איך יעדען מאָנאַט בּײ אײנע פון אונזערע עלטערע טאָכטער. אַלעס געהערט צו אײך, מײנע ליעבּע קינדער, אונ אַט גיעבּ איך אײך איבּער מײן קרױן אױך, אונ מיט די װאָרטער האָט ליר אַראָבּגענומען די קרױן פון קאָפּ אונ עס איבּערגעגעבּען די טאָכטער.

שרעקליך איז ליר געװען װען ער איז אין כּעס געװאָרען. קײנער האָט זיך ניט געװאַגט איהם אַ װאָרט צו רײדען ; אַלע הױפלײטע האָבּען מיט שרעק אױסגעהערט ליר׳ס גרױזאַמע רעדע אונ האָבּען געשװיגען. אײנער אָבּער פון זײנע נאָהענטסטע מיניסטאָרען , דער גראַף קאַנט, האָט זיך ניט ערשראָקען פאַר זײנע װאָרטער אונ האָט זיך בּעשלאָסען צו דערװײזען ליר׳ן, דאָס ער איז אונגערעכט .

– גרויסער קעניג ליר ! האט קאנט געזאגט, איך האב דיך אלע מאל געאכטעט אונ געעהרט ווי מיין קעניג, געליעבט ווי מיין פאטער אליין, אונ געבעטען שטענדיג גאטט פאר דיר; איך וועל דיר אבער ניט חנפנען אונ וועל דיר דעם אמת זאגען אין די אויגען: דו געהסט אראב פון זינגען!... דו מיינסט, דאס א טרייער עהרליכער דיענער וועט שווייגען, ווען ער זעהט ווי א פאדלעץ בויגט דעם קאפ אונ חנפט דיר? ניין! ווען ליר האט זיך ערנידריגט קען קאנט ניט שווייגען! בעקלער זיך! האלט אב דיין שאנדליכען בעס! איך לייג מיין קאפ דאס קארדעליע האט דיך ניט וועניגער ליעב ווי דיינע אלטערע טאכ־טער. גלויב מיר, דאס יענער איז ניט אהן א הארץ, וועך עס רעדט שטיל אונ אהן פוסטע ווערטער.

– שווייג, אויב דאס לעבען איז דיר טהייער, האט ליר געשריען אויף קאנט'ן.

– איך בין אלע מאל פערטיג צו אפפערען מיין לעבען אין שטרייט געגען דיינע פיינד; יעטצט אבער ביזט דו זיך אליין דער שונא.

ביי די ווערטער האט ליר ארויסגעכאפט זיין שווערד אונ האט גע־וואלט הרגנען קאנט'ן, די אייראמס אבער האבען איהם ניט דער־לאזען.

– הער דו, רכילותניק, האט ליר מיט כעס געזאגט: דערפאר, וואס דו האסט זיך געוואגט צו טאדלען אונזער בעשלוס; דערפאר, וואס דו האסט זיך ערלויבט צו זאגען מיר זאלען ברעכען אונזער שבועה, וועלכע בלייבט אויף עוויג, טרייבען מיר דיך ארויס פון אונ־זער קעניגרייך; אין פערלויף פון 5 טאג טאר דיין פוס זיך ניט געפי־נען אין אונזער פאטערלאנד, אונ אין פאלל ווען אויפ'ן צעהנטען טאג וועט דיך ווער עס איז טרעפען אין אונזער לאנד, וועסט דו זיך מוזען אבזעגנען מיט דיין לעבען. פארט פון מיינע אויגען!

דֶער גְרַאף קַאנְט הָאט זִיךְ אָבֶּער פַאר דִיזֶע װָארְטֶער אױךְ נִיט עֶרשְׁרָאקֶען אוּנ הָאט גַאנְץ רוּהִיג גֶעזָאגְט: אַדְיֶע, אַדְיֶע, קֶאנִיג! דוּ הָאסְט װירקְלִיךְ בֶּעװיזֶען, דָאס נֶעבֶּען דִיר אִיז נִיט דָא קֵיין אֱמֶת אוּנ קֵיין פְרַייהֵייט. אוּנ װֶענְדֶענְדִיג זִיךְ צוּ קָארְדֶעלְיֶע'ן, הָאט עֶר צוּ־גֶענֶעבֶּען: גָאטט זָאל דִיךְ בֶּעשִׁיטְצֶען. אוּנ אַייךְ, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ רֶעגִינֶע'ן אוּנ גָאנֶערִילְיֶע'ן, װינְשׁ אִיךְ, דָאס אִיהר זָאלְט װירקְלִיךְ דֶערוַוייזֶען אַייעֶר לִיעבֶּע צוּ אַייעֶר פָאטֶער, װִי אִיהר הָאט דָאס דֶער־װיזֶען מִיט װָארְטֶער. אַדְיֶע! מִיט דִיזֶע װָארְטֶער הָאט קַאנְט פֶערלָא־זֶען דֶעם פַּאלַאץ.

אַלְס קַאנְט אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, זַיינֶען אִין פַּאלַאץ אַריין קָארְדֶע־לִיע'ס חַתָנִים: הֶערְצָאג פוּן בּוּרְגוּנְדְיֶע אוּנ דֶער קֶאנִיג פוּן פְרַאנקְרַייךְ. לִיר הָאט זֵיי בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערשְׁטֶעהן, דָאס עֶר װֶעט קָארְדֶעלְיֶע'ן קֵיין נַדַן נִיט גֶעבֶּען.

— אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער גֶעלִיעבְּט דִיזֶעם נִידְרִיגֶע בֶּעשֶׁאפְנִיס, הָאט לִיר װַייטֶער גֶערֶעדְט, אוּנ הָאבּ גֶעדֶענקְט אִיהר צוּ גֶעבֶּען אַ סַךְ נַדַן, יֶעטְצְט אָבֶּער נָאכְדֶעם זִי הָאט מִיר שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט, אִיז דֶער אֵיינְצִיגֶער נַדַן אִיהרֶער — מַיין עֶװיגֶער הַאס אוּנ צָארֶען!

דֶער הֶערְצָאג פוּן בּוּרגוּנְדְיֶע הָאט זִיךְ בַּאלְד עֶנְטְזַאגְט צוּ הֵייראַטְהֶען קָארדֶעלְיֶע'ן אָהן נַדַן, דֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער קֶאנִיג אָבֶּער הָאט פֶערװאוּנ־דֶערְט גֶעזָאגְט: װָאס הֶער אִיךְ! זִי, אַייעֶר לִיעבְּסְטֶע טָאכְטֶער, דִי אֵיינְצִיגֶע טְרֵייסְט צוּ אַייעֶרֶע אֶלְטֶערֶע יָאהרֶען אִיז אַייךְ פְּלֶאצְלִיךְ גֶע־װָארֶען נִיט לִיעב אוּנ אִיהר פֶערהַאסְט זִי! גֶעװִיס מוּז אִיהר פֶער־בְּרֶעכֶען זַיין זֶעהר שְׁרֶעקְלִיךְ, װֶען זִי הָאט גֶעקֶענְט אָנְוֶוערֶען אַייעֶר פֶאטֶערְלִיכֶע לִיעבֶּע; עֶס גְלוֹיבְּט זִיךְ מִיר אָבֶּער נִיט, דָאס קָארדֶעלְיֶע זָאל זַיין פֶערדָארְבֶּען.

— קֶאנִיג! הָאט קָארדֶעלְיֶע אוּמֶעדִיג גֶעזָאגְט, זָאגַאר אִיךְ קֶען נִיט

שָׁאן רֵיידֶען אונ בִּין נִיט אִין שְׁטַאנְד צוּ רֵיידֶען וֶועגֶען דֶעם, וָואס אִיךְ פִּיהל נִיט אִין הֶערְצֶען, דָאךְ בֶּעט אִיךְ אַייךְ צוּ עֶרקְלֶערֶען, דָאס מַיין פֶערבְּרֶעכֶען בֶּעשְׁטֶעהְט נִיט אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע אוּנֶעהְרְלִיכֶע טְהַאט, נוּר אִין דֶעם, וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ דֶעם אֶמֶת גֶעזָאגְט אָהן חֲנִפָּה.

— בֶּעססֶער וָואלסְט דוּ גָאר נִיט גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען, אֵיידֶער מִיר נִיט צוּ פְרִידֶענצוּשְׁטֶעלֶען!

— דָאס אִיז גָאר? זִי אִיז פוּן נַאטוּר שֶׁעמֶעדִיג אוּנ קֶען נִיט אַזוֹי רֵיידֶען וִוי אַנְדֶערֶע. דָאס אִיז בַּיי מִיר גָאר פוּן דִי קְלֵיינֶע זַאכֶען. מִיט פְרֵייד נֶעהם אִיךְ זִי פַאר אַ פְרוֹי; אִיהר הֶערְץ אִיז מִיר טְהַייעֶרֶער אַלְס רֵייכְטְהוּם. זֶעגְנֶע זִיךְ, קָארדֶעלְיֶע, מִיט דַיין פַאמִילְיֶע אוּנ מִיר וֶועלֶען פָאהרֶען נָאךְ פְרַאנקְרַייךְ, וואוּ דוּ וֶועסְט אַלְס קֶענִיגִין אוּיפְגֶענוּמֶען וֶוע־רֶען אוּנ אַלֶע וֶועלֶען דִיךְ לִיעבֶּען אוּנ אַכְטֶען.

— זִי גֶעהֶערְט צוּ דִיר, קֶענִיג, נֶעהם זִי, הָאט לִיר שְׁטְרֵיינְג גֶעזָאגְט; מִיר וִוילֶען מֶעהר אַזאַ טָאכְטֶער נִיט הָאבֶּען... גִיכֶער!... מִיר וִוילֶען מֶעהר אִיהר גֶעזִיכְט נִיט אָנקוּקֶען... פָאהְרְט וָואס גִיכֶער פוּן אוּנְז אַוֶועק. אִיהר וֶועט זִיךְ נִיט עֶרוַוארְטֶען פוּן אוּנְז קַיין בְּרָכָה אוּיפ'ן וֶועג. קוּמְט אַוֶועק פוּן הִיעֶר, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּם הֶערְצָאג פוּן בּוּרְגוּנדְיֶע, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ עֶנטְזַאגְט פוּן קָארדֶעלְיֶען, אוּנ בֵּיידֶע זַיינֶען בַּאלְד אַרוּיס פוּן זַאל.

נָאךְ לִיר'ס אַוֶועקְגֶעהן הָאט קָארדֶעלְיֶע זִיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֶעגְנֶען מִיט דִי שְׁוֶועסְטֶער.

— מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען שֵׁייד אִיךְ זִיךְ מִיט אַייךְ, הָאט זִי גֶעזָאגְט קוֹים זִיךְ אַיינְהַאלְטֶענְדִיג פוּן צוּ וַויינֶען. אִיךְ קֶען אַייךְ אַ שְׁלֶעכְט וָוארְט נִיט זָאגֶען, זָאנַאר אִיךְ וַוייס זֶעהר גוּט אַייעֶר פֶעהלֶער. זָארגְט וֶועגֶען אוּנְזֶער אַלְטֶען פָאטֶער אוּנ זֶעהט ווירְקְלִיךְ צוּ בֶּעוַוויי־זֶען אַייעֶר לִיעבֶּע צוּ אִיהם, וִוי אִיהר הָאט בֶּעוִויזֶען מִיט שֶׁאנֶע רֵייד. אַדְיֶע!

– מִיר קֶענֶען אָהן דַיין מוּסָר אויךְ אויסְקוּמֶען, הָאט גָאנֶערִילְיֶע מִיט שְׁטָאלְץ גֶעזָאגְט.

– לֶערְן זִיךְ בֶּעסֶער ווִי צוּ פְרִידֶענצוּשְׁטֶעלֶען דַיין מַאנן, ווֶעלְכֶער נֶעהמְט דִיךְ אוים מִיטְלֵייד, הָאט רֶעגִינֶע גֶעאֶנטוֶוערְט.

– דִי צַייט ווֶעט אוּנְז ווַייזֶען, ווֶער עֶס הָאט רֶעכְט אוּנ ווֶער נִיט. אַדְיֶע מַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער!

– קוּם, לִיעבֶּע קָארדֶעלְיֶע, הָאט גֶעאַיילְט דֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער קֶאנִיג.

קָארדֶעלְיֶע מִיט דֶעם פְרַאנְצֶאזִישֶׁען קֶאנִיג הָאבֶּען בַּאלְד פֶּערלָאזֶען דֶעם פַּאלַאץ אוּנ זַיינֶען אַוֶועקגֶעפָאהרֶען נָאךְ פְרַאנקְרַייךְ.

---

אַז גָאנֶערִילְיֶע אוּנ רֶעגִינֶע זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין, הָאט גָאנֶערִילְיֶע גֶעזָאגְט צוּ דֶער שְׁוֶועסְטֶער: מֶערקְווִירְדִיג, ווִי דֶער פָאטֶער הָאט זִיךְ אִינְגַאנְצֶען פֶערְאֶנדֶערְט. צוּ דִי אֶלְטֶערֶע יָאהרֶען אִיז עֶר גָאר אוּיסְגֶעוֶועבְּט גֶעוָוארֶען. זֶעה, קָארדֶעלְיֶען הָאט עֶר אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעלִיעבְּט אוּנ פַאר אַ נַארִישְׁקֵייט הָאט עֶר זִי פַיינְד גֶעקְרָאגֶען אוּנ פֶערטְרִיבֶּען פוּן זִיךְ. אויךְ הָאט עֶר זַיין בֶּעסְטֶען גוּטֶען פְרַיינְד קַאנְט פֶערטְרִיבֶּען פוּן אוּנְזֶער פַאטֶערלַאנְד.

– יַא, שְׁוֶועסְטֶער, הָאט רֶעגִינֶע גֶעאֶנטוֶוערְט, אִיךְ זֶעה אַז מִיר ווֶעלֶען נָאךְ גֶענוּג הָאבֶּען צוּ לֵיידֶען פוּן זַיינֶע מְשׁוּגַעַת׳ן. אִין זַיינֶע יָאהרֶען אִיז דָאס שׁוֹין אַזַא קְרַאנקְהֵייט. דֶעם אֱמֶת זָאגֶענְדִיג, הָאט עֶר קֵיינְמָאל גֶעווּאוּסְט ווָאס עֶר טְהוּט.

– עֶר ווֶעט דָאךְ מִסְתָּמָא פָאהרֶען צוּ מִיר אוּנ דֶעם צְוֵוייטֶען מָאנַאט ווֶעט עֶר זַיין בַּיי דִיר, אַלְזָא אִיז דֶער בֶּעסְטֶער מִיטֶעל, שְׁוֶועסְטֶער, אִיהם נִיט נָאכְצוּגֶעבֶּען, דֶען ווָאס ווֶעלֶען מִיר הָאבֶּען פוּן דֶעם, ווָאס עֶר הָאט אוּנְז צוּטְהֵיילְט זַיין קֶאנִיגְרַייךְ, אַז עֶר ווֶעט אַלְץ טְהוּן ווָאס עֶר ווֶעט ווֶעלֶען.

— יַא, שְׁװעסְטֶער, דו בִּיזְט גֶערֶעכְט, הָאט רֶעגִינֶע גֶעזָאגְט, מִיר װעלֶען זִיךְ נָאךְ װעגֶען דֶעם דורכְרֵיידֶען.



## II. צו שְׁפֶּעט הָרְטָה גֶעקְרָאגֶען.

דֶער אַלְטֶער קֶאנִיג לִיר אִיז זָא גֶעוָואהנְט גֶעוֶועזֶען צו בֶּעפֶעהלֶען אונ רֶעגִירֶען, דָאס אִיהם אִיז גָאר אויפ׳ן זִיננֶען נִיט אַרויפְגֶעקוּמֶען, אַז עֶס זָאל זִיךְ װער דֶערװעגֶען אִיהם נִיט צו פָאלְגֶען אונ אִיהם נִיט אָבגֶעבֶּען כָּבוֹד; אונ זַיין װאונְשׁ, װִי מִיר װייסֶען, אִיז גֶעװֶען, דָאס מֶען זָאל אִיהם אָבגֶעבֶּען דִיזֶעלְבֶּע קֶאנִיגְלִיכֶע עֶהרֶע וִוי פְרִיהֶער, זָאגַאר עֶר הָאט מִיט׳ן אֵיינֶענְעֶם װילֶען אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען זַיין מְלוּכָה דִי טֶאכְטֶער.

דֶער גֶעטְרַייעֶר קַאנְט הָאט אָבֶּער גֶעװאוּסְט, דָאס דֶער אַלְטֶער קֶאנִיג לִיר װעט פִיל צָרוֹת הָאבֶּען פוּן זַיינֶע פַאלְשֶׁע טֶאכְטֶער. קַאנְט הָאט זֶעהר שְׁטַארְק גֶעלִיעבְּט לִיר׳ן אונ הָאט אִיהם װִירְקְלִיךְ זֶעהר בֶּעדױעֶרְט. עֶר הָאט גֶעװאוּסְט, דָאס עֶר װעט צו נוּטְץ קוּמֶען דֶעם אַלְטֶען, דַארוּם הָאט עֶר זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען נִיט אַװעקצופָאהרֶען פוּן עֶנגְלַאנְד. עֶר הָאט זִיךְ אָנגֶעטְהוּן אִין אַלְטֶע קְלֵיידֶער, הָאט אוּמְגֶעבִּיטֶען זַיין שְׁטִימֶע, אוּם מֶען זָאל אִיהם נִיט קֶענֶען עֶרקֶאנֶען אונ אִיז גֶעגַאנְגֶען צו לִיר׳ן זוּכֶען אַ שְׁטֶעלֶע אַלְס דִיענֶער.

אִין דֶער צַייט הָאט לִיר מִיט זַיינֶע הויפְלֵייטֶע גֶעװָאהנְט בַּיי גָאנֶערִיל־יֶע׳ן. גְרַאדֶע, צוּם אוּנגְלִיק, הָאט לִיר גֶעדַארפְט אַ קְלַאפּ טְהוּן גָאנֶערִיל־יֶע׳ס אַ דִיעגֶער דֶערפַאר, װָאס עֶר הָאט אִיהם נִיט גֶעפָאלגְט. דָאס אִיז גֶענוּג גֶעװֶען פַאר גָאנֶערִילְיֶע׳ן זִי זָאל שְׁטַארְק אִין כַּעַס װערֶען אויפ׳ן פָאטֶער, אונ הָאט אַ בֶּעפֶעהל גֶעגֶעבֶּען אִיהרֶען הויפְמֵייסְטֶער אונ אַלֶע דִיענֶער זֵיי זָאלֶען אִיהם אויפְהֶערֶען צו פָאלְגֶען.

– מיין פאטער, האט גאנעריליע געזאגט צום הויפמייסטער, איז אנ'אלטער נארר: ער אליין האט אונז איבערגעגעבען זיין גאנצע מאכט צו פיהרען דעם קאניגרייך אונ יעטצט וויל ער אלע פערדרייען דעם קאפ; קיינעם לאזט ער ביי מיר אין הויז ניט לעבען אונ קריגט זיך מיט מיינע דיענער. די אלטע לייט זיינען ערגער פון קליינע קינדער, אונ זיי דארף מען טאקי בעהאנדלען ווי קליינע קינדער. איך בעפעהל דיר, דאס דו אונ אלע מיינע דיענער זאלען איהם גאר ניט פאלגען, אונ אויב דאס וועט איהם ניט געפעלען זיין, קען ער זיך פאהרען צו מיין שוועסטער. זי וועט איהם ניט בעססער אויפנעהמען, ווייל איך האב מיט איהר וועגען דעם אבגערעדט; פערגעסס ניט, וואס איך האב דיר בעפאהלען.

– איך וועל ניט פערגעססען, האט דער הויפמייסטער זיך נייגענדיג געאנטווערט.

– יא, ער וועט באלד קומען פון יאגד, פערגעסס איהם ניט צו זאגען, דאס איך בין קראנק אונ קען זיך מיט איהם היינט ניט זעהען.

– עס וועט אלעס זיין אין ארדנונג.

א שטונדע שפעטער נאך דיזען געשפרעך, איז ליר מיט זיינע הויפלייטע געקומען פון יאגד. דעם ערשטען האט ער בעגעגנעט קאנט'ן. ליר האט איהם ניט ערקאנט אונ האט איהם געפרעגט ווער ער איז.

– ווי דו זעהסט, בין איך א מענש, האט קאנט געאנטווערט; דער וואס האט צו מיר צוטרויען, דעם בין איך איבערגעבען מיט לייב אונ זעעלע; דער וואס איז עהרליך, דעם ליעב איך פון טיעפען הערצען; דער וואס איז קלוג אונ רעדט וועניג, מיט דעם בין איך פערטיג צו שפרעכען. צו משפט'ן זיך האב איך ניט ליעב, פאר א געשלאג, אויב עס איז שווער אהן דעם אויסצוקומען, שרעק איך זיך

ניט, און פיש האב איך פיינד. איך וויל ביי איך דיענען.

– וואס פאר א שטעלע קענסט דו בעטרעטען? האט ליר גע-פרעגט.

– איך קען א גוטע עצה געבען, א פריילעכע מעשה ערצעהלען און דאס, וואס נארישע מענשען טהוען, בין איך אויך אין שטאנד צו טהון און נאך מיט גרויס חשק.

– דו בלייבסט ביי מיר, האט ליר געאנטווערט; דיען מיר געטריי! אויב דו וועסט מיך ביז נאך מיטטאג ניט אריינברייננגען אין פעם איז א בעוויז, דאס מיר וועלען ווייטער אויף קענען דורכקומען. — עסען! הערלאנגט עססען מיטטאג! האט ליר זיך וועגדעניג צו ד' דיענער בעפאהלען.

קיינער האט זיך אבער ארט פון ניט געריהרט. ליר האט א צווייטען מאל געפאדערט עססען. אינדעם איז גאנעריליע'ס הויפמייסטער אריין. ליר האט איהם געפרעגט וועגען גאנעריליע'ן; דיזער האט עפּים א מורמעל געטהון אונטער'ן נאז און איז באלד ארויסגעגאנגען. ליר האט בעפאהלען מען זאל איהם די מינוט צוריק רופען. ליר'ס א בע-דינער איז ארויסגעלאפען איהם רופען און האט זיך באלד נאכדעם צוריקגעקערט.

– אייער טאכטער איז ניט געזונד, האט ער געמעלדעט ליר'ן, און איהר הויפמייסטער האט א'ך גאר איינפאך ניט געוואלט אנטווערן.

ליר איז געבליבען ווי פערשטיינערט.

– הא! ער האט ניט געוואלט אנטווערן! האט ליר געשטאמעלט.

ליר האט עס גאר ניט געקענט פערשטעהן, ווי אזוי קען אזא אונפערשעמטער לאקאי א העזה האבען איהם ניט צו אנטווערן, איהם, דעם קאניג ליר, פאר וועלכען עס האבען געציטערט פירשט'ן, גראפ'ן און הערצאג'ן.

אין זאל איז אריין גאנעריליע'ס א צווייטער הויפמייסטער.

– װָער בִּין אִיךְ ? הָאט לִיר שְׁטְרֵיינְג גֶעפְרֶעגְט .

– דֶער קֶאנִיגִינְס פָאטֶער , הָאט דֶער הויפְמֵייסְטֶער קַאלְט גֶע-אֶנטװָערְט .

– װָאס ? דֶער קֶאנִיגִינְס פָאטֶער ? אונְפֶערשֶׁעמְטֶער מְשֻׁרֵת ! פָּאדְ-לֶעץ ! הונְד !

– הָאט מִיר קֵיין פֶּעראִיבּוּל נִיט , אִיךְ בִּין קֵיין פָּאדְלֶעץ נִיט .

– דוּ וַואגסְט מִיר נָאךְ צוּ אֶנטװָערן , דוּ , טויגֶענִיכְטְס , הָאט לִיר מִיט װאוּטְה גֶעזָאגְט , אוּנ הָאט זִיךְ גֶעחַאפְּט צוּ אִיהם שְׁלָאגֶען .

– קֶאנִיג , אִיהר זָאלְט זִיךְ נִיט שְׁלָאגֶען ! דֶען . . .

קַאנְט הָאט דֶעם הויפְמֵייסְטֶער נִיט גֶעלָאזְט עֶנדִיגֶען רֵיידֶען אוּנ אַ שְׁטְויסטְהוּעֶנדִיג אִיהם אִין הֶערְצֶען , הָאט עֶר אִיהם אַנִידֶערגֶעװָארְפֶען אויף דֶר'עֶרְד .

– אִיךְ דַאנְק , פְרַיינְד , הָאט לִיר גֶעזָאגְט צוּ קַאנְט'ן , דוּ דִיעִנסְט מִיר גֶעטְרֵיי , אוּנ דוּ בִּיזְט מִיר צוּם הֶערְצֶען .

– אַרויס פוּן דַאנֶען , הָאט קַאנְט גֶעשְׁרִיעֶן אויפ'ן הויפְמֵייסְטֶער , אִיךְ װֶעל דִיךְ אויסְלֶערְנֶען אַז דוּ זָאלְסְט װִיסֶען מִיט װֶעמֶען דוּ רֶעדסְט . אַרויס פוּן דַאנֶען , אויב דוּ װִילסְט נִיט נָאךְ אַ מָאל לִיעגֶען אויף דֶר'עֶרְד , אוּנ מִיט דִי װֶערְטֶער הָאט עֶר דֶעם הויפְמֵייסְטֶער אַרויס-גֶעשְׁטויסֶען פוּן זַאל .

– אִיךְ דַאנְק דִיר , גֶעטְרֵייֶער דִיענֶער , הָאט לִיר אִיהם נָאךְ אַ מָאל גֶעדַאנְקְט , דֶערפַאר בֶּעקוּמסְט דוּ פָּאראויס גֶעהַאלְט , אוּנ הָאט דֶערלַאנְגְט קַאנְט'ן אַ בַּייטֶעל מִיט גֶעלְד .

---

לִיר הָאט , װִי אַלֶע קֶאנִיגֶען אוּנ רַייכֶע לַייט פוּן יֶענֶער צַייט , גֶע-הַאט בַּיי זִיךְ אַ נַארר'ן (błazen, шутъ) , װֶעלְכֶער הָאט אִימֶמֶער גֶעדַארְפְט זַיין נֶעבֶּען קֶאנִיג , אוּנ מַאכֶענְדִיג זִיךְ צוּם נַארר'ן , װֶעהן אִיהם פְרֵיילִיךְ מַאכֶען מִיט װִיטְצֶען גְלַייכְװֶערְטְלִיךְ אוּנ לִיעדְלֶעךְ .

אַזֶעלְכֶע נַארָנִים הָאט מֶען גֶעלָאזְט פְּלוידֶערן, וָואס די צונְג הָאט נור גֶעקֶענְט אַרויסבְּרֵיינְגֶען, אונ אַלֶע שְׁטֶעכְוֶוארְטֶער הָאט מֶען אָנְגֶענומֶען פַאר גוט.

לִירְ'ס נַארר אִיז גֶעוֶוען אַ קְלוגֶער מַאנן; עֶר הָאט לִירְ'ן זֶעהר גֶעלִיעבְּט אונ זַיין טָאכְטֶער קָארְדֶעלְיֶען נָאךְ מֶעהר. אִיהם הָאט שְׁטַארְק פֶערדְרָאסֶען אויף לִירְ'ן, וָואס עֶר הָאט אוּנְגֶערֶעכְטלִיךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט קָארְדֶעלְיֶע'ן, אונ דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ 2 טֶאג נִיט גֶעוִויזֶען פַאר לִירְ'ן.

נָאךְ דִיזֶער אונאַנגֶענֶעהמֶער סְצֶענֶע מִיט דֶעם הויפְמֵייסְטֶער, הָאט לִיר פֶערלַאנגְט, דָאס מֶען זָאל אִיהם רופֶען זַיין נַארר'ן. דֶער נַארר אִיז גֶעקומֶען.

— נו, וָואס מַאכְסְט דו, מַיין אַלְטֶער פְרַיינְד? וִוי שְׁמֶעקְט דָאס דִיר יֶעטְצְט? הָאט עֶר צו לִירְ'ן גֶעזָאגְט.

— דו זָאלסְט זִיךְ הִיטֶען, הָאט לִיר גֶעאֶנְטְוֶוערְט, מֶען וֶועט שְׁמַייסֶען.

— וַוארְט, אַייל זִיךְ נִיט צו שְׁמֵייסֶען, אִיךְ וֶועל דִיר עֶפִּיס וָואס זָאגֶען.

— נוּא, זָאג.

— לֵייג צו גוט דֶעם קָאפּ אונ אוֹיעֶרֶען אונ הֶער,

„רוּהִיג לֶעבֶּען אויף דֶער וֶועלְט
זָאל מַאן אֶמֶת נור הַאלְב זָאגֶען,
קֵיינֶעם מַאכִי בָּארְגְט קֵיין גֶעלְד,
טְרַייעֶ פְרַיינְד פון זִיךְ נִיט יָאגֶען.
וֶוענִיג טְרִינְקְט אונ שְׁלָאפְט אונ עֶסְט,
נִיט צו פוּס גֶעהט, נור מֶעהר פָאהרֶען,
ווילְט נִיט צו פִיעל גֶעהן אִין גֶעסְט,
וֶועט אַלְץ זַיין וִוי פַאר אַ יָאהרֶען".

אוּנ ווִי מֵיינסְט דוּ, פְּרַיינְד, ז הָאט דֶער נַארר צוּגֶעגֶעבֶּען, פוּן גָאר ניט קֶען עֶפּיס וֶוערֶען ?

– נֵיין, פְּרַיינְד, פוּן גָאר נִיט וֶועסְט דוּ הָאבֶּען גָאר נִיט, הָאט לִיר גֶעאֶנטְוֶוערְט.

– עֶרקְלֶער אִיהם, הָאט דֶער נַארר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ קַאנְט'ן, דָאס עֶר הָאט יֶעטְצְט פוּן זַיין קֶאנִיגְרַייךְ אַקוּרַאט אַזֶעלְכֶע דָאחָאדֶען ז מִיר, דֶעם נַארר, וֶועט עֶר נִיט גְלוֹיבֶּען.

– אַ בִּיטֶערֶער שְׁפַּאס, הָאט לִיר צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט.

– וֶוער הָאט דִיר, שׁוֹטֶה, גֶעהֵייסֶען אַוֶועקגֶעבֶּען דַיין קֶאנִיגְרַייךְ אִין פְּרֶעמְדֶע הֶאנְד.

– אַזוֹי, דוּ רוּפסְט מִיךְ שׁוֹטֶה ?

– דוּ בִּיזְט אַלֵיין שׁוּלְדִיג אִין דֶעם; מִיט'ן נָאמֶען שׁוֹטֶה בִּיזְט דוּ אוֹיף דֶער וֶועלְט גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען. דוּ הָאסְט גֶעהֶערְט, פֶּאטֶער'ל, וֶוענְגֶען דֶעם שׁוֹטֶה, וָואס הָאט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט זַיין עֶזֶעל אוּנ הָאט אִיהם אַלֵיין אִיבֶּער אַ בְּלָאטֶע אַרִיבֶּערגֶעטְרָאגֶען אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס ? דַיין פְּלֶע־שִׁיוֶוער קָאפּ הָאט גָאר קֵיין מַארְךְ נִיט גֶעהַאט, אַז עֶר הָאט גֶעקֶענְט פוּן זִיךְ אַרָאבּוַוארְפֶען דִי גָאלְדֶענֶע הִיטֶעלֶע. טְהוּ מִיר אַ גֶעפֶעלְלִיגְקֵייט אוּנ שַׁאף מִיר אַ לִיגְנֶער פַאר אַ לֶעהְרֶער. שְׁרֶעקְלִיךְ וויִלְט זִיךְ מִיר וֶוערֶען אַ לִיגְנֶער.

– אוֹיבּ דוּ וֶועסְט לִיגֶען זָאגֶען, הָאט לִיר גֶעאֶנטְוֶוערְט, וֶועסְט דוּ קְרִיגֶען שְׁמִיטְץ.

– ווִי אִיךְ זֶעה, גֶעהסְט דוּ אוֹיף דֶעמזֶעלְבֶּען שְׁנִיט ווִי דַיינֶע טֶאכ־טֶערְלֶעךְ ז זֵיי בָּאטֶען מִיר שְׁמִיטְץ פַאר'ן אֶמֶת, דוּ – פַאר אַ לִיגֶען; אוּנ אַנ'אַנְדֶער מָאל דֶערפַאר וָואס אִיךְ שְׁוַוייג. דֶעם אֶמֶת זָאגֶענְדִיג, הָאט מִיר שׁוֹין דֶערְעסֶען דִי נַאררִישֶׁע שְׁטֶעלֶע; פוּנְדֶעסְטוֶועגֶען וָואלְט אִיךְ זִיךְ מִיט דִיר נִיט גֶעבִּיטֶען.

אוֹיף דִי רֵייד אִיז אַרַיין גָאנֶערִילְיֶע אִין כַּעַס אוּנ אָנגֶעבְּלָאזֶען.

– וָואס אִיז דִיר, מַיין טָאכְטֶער, וָואס בִּיזְט דוּ אַזוֹי פֶערקְרִימְמְט? הָאט לִיר גֶעפְרֶעגְט, שׁוֹין לַאנְג אַזוֹי?

– אַךְ פֶּאטֶער'ל, הָאט הֶער נַארר גֶעזָאגְט צוּ לִיר'ן, אַ מָאל הָאט דִיךְ גָאר נִיט גֶעקִימֶמֶערְט וֶוער עֶס קוּקְט אוֹיף אוּנְז קְרוּם. מִיר אִיז יֶעטְצְט בֶּעססֶער אַלְס דִיר: – אִיךְ בִּין אַ נַארר, אוּנ דוּ – אַ גָאר נִישְׁט. דוּ הָאסְט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען בְּרוֹיט אוּנ בִּיזְט גֶעגַאנְגֶען זוּכֶען בְּרֶעקְלֶעךְ.

גָאנֶערִילְיֶע הָאט מִיט כַּעַס אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיפ'ן נַארר אוּנ הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָּאטֶער: נִיט נוּר דִיזֶער צוּלָאזֶענֶער נַארר אַלֵיין, נוּר אַלֶע אַיְיעֶרֶע הוֹיפְלֵייטֶע מַאכֶען בַּיי מִיר אִין שְׁלָאס יֶעדֶען טָאג סְקַאנְדַאלֶען, פוּן וֶועלְכֶע עֶס אִיז נִיט אוֹיסצוּהַאלְטֶען. אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין אֵיין מָאל גֶעזָאגְט וֶועגֶען דֶעם, נוּר אִיהר מַאכְט זִיךְ גָאר נִיט פֶערשְׁטֶעהְן; אַלְזָא זָאלְט אִיהר וִויססֶען, דָאס אִיךְ וֶועל זֵיי אַיינְהַאלְטֶען אוּנ וֶועל זֵיי שְׁטְרֵיינְג בֶּעהַאנְדְלֶען. זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶע אוֹיפְפִיהרוּנְג מוּז אַנְדֶערֶע גֶעהֶמֶען.

– ווִי גֶעפֶעלְט דָאס דִיר, מַיין פְרֵיינְד? הָאט הֶער נַארר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ לִיר'ן; דוּ הָאסְט אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען דָאס לִיכְט'ל – זִיטְץ זְשֶׁע אַלֵיין אִין דֶער פִינְסְטֶער.

– בִּיזְט דוּ אוּנְזֶער טָאכְטֶער? הָאט לִיר מִיט עֶרשְׁטוֹינֶען גֶעפְרֶעגְט.

– שׁוֹין צֵייט, מַיין הֶערר, אִיהר זָאלְט קוּמֶען צוּם שֵׂכֶל אוּנ אַוֶועקְוַוארְפֶען אַייעֶרֶע נַארִישֶׁע פְרַאגֶעס, הָאט גָאנֶערִילְיֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

– וָואס הֶער אִיךְ? רַאבְּט זִיךְ, אַז מֶען קֶען מִיךְ דָא נִיט; דָאס אִיז נִיט לִיר? גֶעהט דֶען לִיר אַזוֹי? רֶעדְט דֶען לִיר אַזוֹי? וואוּ זַיינֶען גֶעוֶוען זַיינֶע אוֹיגֶען? אָדֶער עֶר אִיז גָאר אַרָאבּ פוּן זִינְנֶען? וָואס עֶר שְׁלָאפְט?... הַא? נֵיין; זָאל מֶען מִיר זָאגֶען וֶוער בִּין אִיךְ. לִיר'ס שַׁאטֶען? נֵיין; אַ קֶענִיג בִּין אִיךְ. דָאס פִיהל אִיךְ, פֶערשְׁטֶעה אוּנ זֶעה – נוּר אַז אִיךְ הָאבּ טֶאכְטֶער, זֶעה אִיךְ נִיט... גֶעעֶהרְטֶע דאמֶע, הָאט

ער זיך געווענדעט צו גאנערילען, ווי איז אייער נאמען?

— גענוג, גענוג, הערר! אייערע ליעבע ווארטער זיינען שוין אונז בעקאנט. שוויי צייט איהר זאלט מיך פערשטעהן. איהר זייט אלט, און אין אייערע יאהרען האט איהר געדארפט מעהר שכל האבען. איהר האלט ביי זיך 100 מאנן דיענער, וועלכע נוטצען אייך גאר ניט, שפרן טאג און נאכט און מאכען ביי מיר אין שלאס סקאנדאלען; דאס קען איך ניט צוזעהן; זאגאר איך האב די מאכט צו פערקלענערען אייער סוויטע, פונדעסטוועגען בעט איך אייך איהר זאלט דאס אליין טהון. פאר אייך וועט זיין גענוג 50 מאנן אויך.

— ווי? 50 מאנן? האט ליר אויסער זיך פון ווראטה געשריען. איך שווער, אז מיר איז א בושה און חרפה צו זאגען, דאס איך בין שוואך געגען דיר, דאס דו קענסט נאך אויסצאפען עטליכע ווארמע טרערען פון מיינע אלטע אויגען! זיי פערפלוכט! פערפלוכט אויף דור דורות! איהר אלטע אויגען, ניט דערוועגט זיך צו וויינען; איך וועל אייך ארויסרייסען און מיט די פיס אויף דר'ערד צוטרעטען! אט וואס איך האב דערלעבט! וועה און ווינד איז דעם, ווער עס קריגט צו שפעט חרטה. א, קארדעליע, קארדעליע, פאר וואס האב איך דיך פער־טריבען פון זיך! נור גיין, דאס אונגליק איז נאך ניט אזוי גרוים: צום טרייסט איז מיר נאך געבליבען א טאכטער! זי איז א גוטע און פריינד־ליכע: זאל זי זיך נור דערוויסען פון דיין שאנער בעהאנדלונג, וועט זי דיר מיט וואלפישע נאגעל אויסרייסען די אויגען! דו וועסט נאך זעהען, דאס איך וועל צוריק קריגען מיין פריהריגע מאכט און וועל זיך מיט דיר אברעכנען.

אין זאל איז אריין גאנערילע'ס מאנן, הערצאג אלבאני, און ערזעהענדיג ליר'ס פערצווייפלונג, האט ער זיך אנגעהויבען פערטהיידיגען פאר איהם, דאס ער האט קיין שולד ניט אין דעם, וואס זיין פרוי האט איהם בע־ליידיגט און פערשאפט שמערצען.

– עֶס קֶען זַיין, הָאט לִיר גֶעאֶנטוועֶרְט; אָ, גָאטט הֶער צוּ מַיין גֶעבֶּעט! אויב זִי וועֶט גֶעבָּארֶען אַ קִינְד, זָאל עֶס גֶעבָּארֶען ווערֶען אִיהר אויף צָרוֹת; דִיזֶעס קִינְד זָאל אִיהר אויפְוַואכְּסֶען אויף טְרֶערֶען אוּנ עֶווִיגֶען, עֶווִיגֶען קוּממֶער; גְרוֹי אוּנ אַלְט זָאל זִי ווֶערֶען פוּן דֶעם קִינְד אוּנ דָאס קִינְד זָאל זִיךְ אויסלַאכֶען פוּן אִיהר אֶלְטֶער אוּנ מוּטטֶערלִי־בֶער לִיעבֶּע! אוּנ דַאנן ווֶעט זִי פֶערשְׁטֶעהן, דָאס אוּנדַאנקְבַּארְקֵייט פוּן קִינְדֶער אִיז פִיעל עֶרגֶער אַלְס צֵאנֶער פוּן אַ שְׁלַאנְג! גִיבֶער! גִיכֶער! עֶנטְלויף פוּן דַאנֶען, וואוּ דִי אויגֶען ווֶעלֶען דִיךְ טְרָאגֶען!

מִיט דִי ווֶארְטֶער אִיז לִיר אַרוֹים פוּן זַאל, הָאט אָנגֶעשְׁרִיבֶּען צוּ רֶעגִינֶען אַ בְּרִיעף, אִין ווֶעלְכֶען עֶר הָאט פַאר אִיהר אויסְגֶעגָאסֶען זַיין בִּיטֶער הַארְץ, אוּנ הָאט אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען קַאנְט’ן עֶר זָאל ווָאס צוּם גִיכסְטֶען דִיזֶען בְּרִיעף אִיוֶעקפִיהרֶען צוּ דֶער טָאכְטֶער. בַּאלְד נָאכְדֶעם אִיז עֶר מִיט זַיינֶע הויפְלֵייטֶע אַוֶועקגֶעפָאהרֶען פוּן גָאנֶערִילְיֶעס שְׁלָאס.

גָאנֶערִילְיֶע הָאט אָבֶּער, ווִי מֶען זָאגְט, נִיט גֶעשְׁלָאפֶען אוּנ הָאט בַּאלְד נָאךְ דֶעם פָאטֶערְס אַוֶועקגֶעהן אויךְ אָנגֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיעף צוּ דֶער שְׁוועֶסְטֶער; דִיזֶען בְּרִיעף הָאט זִי אַוֶועקגֶעשִׁיקְט דוּרְךְ דֶעמזֶעלְבֶּען הויפְמֵייסְטֶער, ווֶעלְכֶער אִיז גְרָאב אָנגֶעקוּמֶען לִיר’ן.



## III. פוּן פַייעֶר אִין וַואססֶער.

קַאנְט אִיז גֶעקוּמֶען צוּפָאהרֶען צוּ רֶעגִינֶע’ן אִין פַּאלַאץ אוּנ הָאט אִיהר אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען לִיר’ס בְּרִיעף. בַּאלְד נָאכְדֶעם אִיז אויךְ גֶעקוּמֶען גָאנֶערִילְיֶעס הויפְמֵייסְטֶער מִיט אִיהר בְּרִיעף.

אַלְס רֶעגִינֶע הָאט אִיבֶּערגֶעלֶעזֶען אִיהר שְׁוועֶסְטֶערְס בְּרִיעף, הָאט זִי זִיךְ בַּאלְד אויפְגֶעהויבֶּען אוּנ אַוֶועקגֶעפָאהרֶען מִיט’ן מַאנן אוּנ אִיהרֶע

דיענער צו איינעם פון איהר פּאַטערס געוועזענע הויפּליוטע, גראף גלאַסטער, וועלכער האָט ניט ווייט פון זיי געוואוינט אין זיין אייגענעם שלאָס. רעגינע האָט געהייסען קאַנט'ן אויך מיטפאָהרען. אַלס זיי זיינען אַלע געקומען צופאָהרען אין גלאַסטערס שלאָס, האָט קאַנט אויפ'ן הויף געטראָפען גאַנעריליע'ס הויפּמייסטער. קאַנט'ן האָט זעהר פערדראָסען דעם הויפּמייסטער'ס נידערטרעכטיגע ראַליע, אונ ווייל ער האָט זיך פון כעס ניט געקענט איינהאַלטען, האָט ער באַלד זיך אָנגעהויבען צו קריגען מיט איהם.

– ניט איך קאָן דיך אונ וויים דיך, וואָס ביזט דו אָנגעפאַלען אויף מיך?

– איך קאָן דיך אָבער יאַ.

– דו ווייסט דען ווער איך בין?

– איך וויים ווער דו ביזט, האָט קאַנט מיט כעס געזאָגט; דו ביזט אַ טויגניכטס, אַ טעלערלעקער, אַנ'עזות פּנים, אַ שלעפּער, אַ פּאַלשער נידעריגער משרת; איך קאָן דיך זעהר גוט. דו מיינסט, פּאַרלעץ, אַז איך וויים ניט, דאָס דו האָסט געבראַכט אַ בריעף, אום צו מאַכען אַ באַז לעבען צווישען פּאַטער אונ טאָכטער. איך וועל דיר אונפערשעמטע מאַלפּע, ווייזען! איך וועל דיך, אָט מיט דעם שווערד, צוהאַקען אויף שטיקלעך. נעהם אַרויס דיין שווערד אונ בעשיטץ זיך!

דער הויפּמייסטער האָט זיך ערשראָקען, אונ אַנשטאַט זיך צו שלאָגען מיט קאַנט'ן, האָט ער מיט אַלע קרעפטען אָנגעהויבען צו שרייען: גוואַלד! רעטעט מיך! מען וויל מיך שטעכען!

אויף זיינע קולות זיינען אַלע הויפּליוטע אַרויסגעלאָפען אויפ'ן הויף. רעגינע מיט איהר מאַנן אויך.

– וואָס איז דאָ פיר אַ געשיכטע? האָט רעגינע'ס מאַנן, הערצאָג קאָרנוואַל, שטרייג געפרעגט.

— אָט דיזער אַלְטֶער בוּיַאן, הָאט דער הויפְּמַייסְטֶער קוים אָבּגֶעצִיי־הֶענְדִיג דֶעם אָטהֶעם גֶעאֶנְטְוֶוערְט, — דָאס איז מֶעהר נִיט, וָואס איך הָאבּ רַחֲמָנוֹת גֶעקְרָאגֶען אויף זַיין גְרויֶע בָּארְד, הָאט...

— אַךְ דוּ, טויגֶנִיכְטְס, דוּ אוּנפֶערשֶׁעמְטֶער וּטְרוּס!.. דוּ הָאסְט רַחֲמָנוֹת גֶעקְרָאגֶען אויף מַיין גְרויֶע בָּארְד? אִיךְ וֶועל דִיךְ נָאךְ צוּרַייבֶּען אויף אַשׁ, אִיךְ וֶועל...

— וָואס הֶיזט דָא אָבֶּער פַּאסִירְט. פַּאר וָואס הָאסְט דוּ זִיךְ דָא אַזוֹי צוּקָאכְט? הָאט דער הֶערְצָאג מִיט כַּעַס גֶעפְרֶעגְט.

— דֶערפַּאר, הָאט קָאנְט גֶעאֶנְטְוֶוערְט, וָואס דיזער פְּלוּט אִיז אָהן אַ גֶעווִיסֶען אוּנ טְרָאגְט אוּמזָאנסְט אַ שְׁוֶוערְד. אִיךְ קָאן זֶעהר גוּט דִיזֶע לִיעבְּהֶערְצִיגֶע טֶעלֶערלֶעקֶער, וָואס קְרִיכֶען אויף אַלֶע פִּיער, לֶעקֶען אוּנ שְׁמֶעקֶען, וִוי דִי מַייז; מִישֶׁען זִיךְ אִיבֶּערַאל אַרַיין אוּנ זַיינֶען פֶערְטִיג אַלֶע מָאל אויסְצוּפִיהרֶען דֶעם צְוַוייטֶענְס פֶערְדָארְבֶּענֶע פְּלֶאנֶער, וואוּ דֶער וִוינְד בְּלָאזְט שְׁטַארֶקֶער, דָארְטֶען זַיינֶען זֵיי דָא; חַנְפֶנֶען, מַאכֶען אָן קְרִיג, גִיסֶען נָאךְ אוּנְטֶער אִין פַייֶער בּוּימֶאֶהל. אוּנ לויפֶען נָאךְ זַייעֶרֶע בַּעֲלֵי־הַבַּיתִים, וִוי דִי הִינְד. דִי עֶרְד זָאל זִיךְ אֶפְנֶען אוּנ זָאל אַזֶעלְכֶע פֶערדִישֶׁע קֶאפּ אַיינשְׁלִינְגֶען! אִיךְ הָאבּ אִיהם פַּיינְד, אָט דֶעם פְּלוּט, אוּנ קֶען אויף זַיין מִיאוּס׳ן גֶעזִיכְט נִיט קוּקֶען.

— זַיינֶען דִיר אֶפְשֶׁר אוּנזֶערֶע אַלֶע גֶעזִיכְטֶער מִיאוּס, אוּנ קֶענסְט אויף אוּנְז אויךְ נִיט קוּקֶען?

— אִיךְ הָאבּ אַלֶע מָאל דֶעם אֱמֶת לִיעבּ אוּנ מוּז יֶעטְצְט אויךְ דֶעם אֱמֶת זָאגֶען, דָאס אִין דִי גֶעוֶועזֶענֶע גוּטֶע צַייטֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען פִיעל פַיינֶערֶע מֶענְשֶׁען, וִוי דִי, וָואס אִיךְ זֶעה יֶעטְצְט נֶעבֶּען זִיךְ.

— מִיט וָואס הָאסְט דוּ אִיהם בֶּעלֵיידִיגְט? הָאט הֶערְצָאג קָארְנְוַואל זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּם הויפְמַייסְטֶער.

דֶעד הויפְּמַייסְטֶער הָאט עֶרְצֶעהלְט, וִוי קָאנְט הָאט אִיהם בַּיי

גָאנֶערִילְיֶען אִין פַּאלַאץ גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ יֶעטְצְט הָאט עֶר אִיהם וִוידֶער גֶעוָואלְט שְׁלָאגֶען, נִיט וִויסֶענְדִיג פַאר וָואס אוּנ פַאר וֶוען.

הֶערְצָאג קָארְנְוַאל אִיז שְׁטַארְק אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט בֶּעפָאהלֶען דִי דִיעֶנֶער אָנְטְהוּן קַאנְט'ן קְלֶאטְצְלֶעךְ אוֹיף דִי פִּיס. אִין יֶענֶער צַייט הָאט זִיךְ אַזַא שְׁטְרָאף גֶערֶעכְנְט פַאר דִי גְרֶאסְטֶע שַׁאנְדֶע. דִי דִיעֶנֶער הָאבֶּען עֶרְפִילְט דֶעם הֶערְצָאג'ס בֶּעפֶעהל.

— אַ הַאלְבֶּען טָאג וֶועסְט דוּ בַּיי מִיר אַזוֹי זִיטְצֶען, הָאט הֶערְצָאג קָארְנְוַאל גֶעזָאגְט.

— נֵיין, דָאס אִיז וֶוענִיג, הָאט רֶעגִינֶע גֶעזָאגְט; נוּר אַ גַאנְצֶען מֵעַת־לְעֵת!

— אָ, מַאדַאם, וֶוען אִיךְ וָואלְט אֲפִילוּ גֶעוֶוען אַייֶער פָאטֶערְס הוּנְד, הָאט אִיהר מִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי נִיט גֶעדַארְפְט בֶּעהַאנְדְלֶען.

— דוּ בִּיזְט נָאךְ עֶרְגֶער אַלְס זַיין הוּנְד!

— גְנֶאדִיגֶער הֶערְצָאג! הָאט גְרַאף גְלָאסְטֶער גֶעפְּרוּבִּירְט פֶערְטְהֵיידִיגֶען קַאנְט'ן, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, בֶּעשְׁטְרָאפְט נִיט דֶעם קֶענִיג'ס לַאפֶער; עֶר אִיז וִוירְקְלִיךְ וֶוערְט אַ שְׁטְרָאף, זָאל אִיהם אָבֶּער בֶּעסֶער דֶער קֶענִיג אוּנ זַיין הֶערר זֶעלבּסְט בֶּעשְׁטְרָאפֶען. אַזַא שַׁאנְדֶע טְהוּט מֶען נוּר גַנָבִים אוּנ אַנְדֶערֶע פֶערבְּרֶעכֶער, אָבֶער נִיט דֶעם קֶענִיג'ס לַאפֶער. אִיהר וֶועט מִיט דֶעם בֶּעלֵיידִיגֶען אוּנ פֶערשַׁאפֶען שְׁמֶערְצֶען דֶעם קֶענִיג.

דֶעם גְרַאף גְלָאסְטֶערְס רֵייד הָאט גָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען אוּנ קַאנְט'ן הָאט מֶען אַרַיינְגֶעזֶעטְצְט אִין דִי קְלֶאטְצְלֶעךְ. זֶעהר מִיעד פוּן וֶועג אִיז עֶר זִיטְצֶענְדִיג אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען.

אִינְגַאנְצֶען שְׁלָאס הָאט גֶעהֶערְשְׁט אַנ'אַלְגֶעמֵיינֶע שְׁטִילְקֵייט.

---

לִיר אִיז דֶערוַוייל גֶעקוּמֶען צוּפָאהרֶען צוּ רֶעגִינֶען אִין שְׁלָאס, צוּ זַיין גְרוֹיסֶען עֶרְשְׁטוֹינֶען אָבֶּער, הָאט עֶר זִי נִיט גֶעפוּנֶען. עֶר הָאט

גָאר נִיט גֶעקֶענְט פֶערשְׁטֶעהן וָואס דָאס זָאל בֶּעדַייטֶען. אַזוֹי אוּנפֶּער־שֶׁעמְט צוּ זַיין, אוּנ נִיט וַוארְטֶען אוֹיף אִיהם! פוּן בְּרִיעף הָאט זִי דָאךְ גֶעוואוּסְט, דָאס עֶר דַארְף קוּמֶען. וָואס הָאט לִיר אָבֶּער גֶעהַאט צוּ מְהוּן, בֶּאוֶוער זִיךְ הַיינְט, בֶּאוֶוער זִיךְ מָארְגֶען, אַז זִי אִיז פָּארְט נִיט דָא; הָאט עֶר גֶעמוּזְט נֶעבַּאךְ פֶערקִירֶעוֶוען דִי פֶּערְד אוּנ פָּאהרֶען צוּם גְרַאף גְלָאסְטֶער אִין שְׁלָאס.

קוּמֶענְדִיג אִין שְׁלָאס, הָאט עֶר דֶעם עֶרשְׁטֶען עֶרזֶעהֶען קַאנְט׳ן וִיטְצֶען אִין קְלֶאטְצְלֶעךְ. עֶר הָאט זַיינֶע אוֹיגֶען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט.

— וֶוער הָאט זִיךְ עֶרלוֹיבְּט דִיר אָנְטְהוּן שַׁאנְדֶע? הָאט לִיר מִיט עֶר־שְׁטוֹינֶען גֶעפְרֶעגְט, וֶוער אִיז עֶר? וֶוער? רֵייד!

— נִיט נוּר עֶר, גְרוֹיסֶער קֶאנִיג, נוּר זִי אוֹיךְ; דָאס הֵייסְט אַייֶער טָאכְטֶער מִיט אַייֶער זָאהן, הָאט קַאנְט גֶעאֶנְטְוֶוערְט אוּנ הָאט אִיהם עֶרצֶעהלְט דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אָנְפַאנְג בִּיז עֶנְדֶע.

— מֶען זֶעהט בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ, הָאט לִיר׳ס נַארר גֶעשְׁפַּאסְט, דָאס דֶער וִוינְטֶער אִיז נָאךְ נִיט אַוֶועק, אַז ווִילְדֶע גֶאנְז זַיינֶען אִין דִיזֶע גֶע־גֶענְדֶען גֶעקוּמֶען צוּפְלִיהֶען!

— אָ, ווִי דָאס הֶערְץ קְלַאפְּט מִיר! הָאט לִיר גֶעזָאגְט.

עֶר הָאט גֶעוָואלְט זֶעהֶען דִי טָאכְטֶער מִיט׳ן אֵיידַאם, הָאט מֶען אִיהם אָבֶּער גֶעזָאגְט, דָאס זֵיי זַיינֶען מִיעד פוּן וֶועג אוּנ קֶענֶען אִיהם נִיט אָנְנֶעהמֶען. לִיר אִיז גֶעוֶוען אוֹיסֶער זִיךְ אוּנ הָאט גֶעזָאגְט, דָאס עֶר וֶועט הֵייסֶען קְלַאפֶּען אַ גַאנְצֶע נַאכְט אִין פּוֹיק אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע פֶּענְסְטֶער בִּיז נַואגֶען זֵיי וֶועלֶען מוּזֶען צוּ אִיהם אַרוֹיסגֶעהן.

עֶנְדְלִיךְ אִיז רֶעגִינֶע מִיט׳ן מַאנְן אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען צוּ לִיר׳ן.

— אִיךְ פְרֶעה זִיךְ, קֶאנִיג, הָאט רֶעגִינֶע זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ גֶעזָאגְט צוּ לִיר׳ן, אַייךְ צוּ זֶעהן.

— רֶעגִינֶע, מַיין לִיעבֶּע טָאכְטֶער, הָאט גֶעאֶנְטְוֶוערְט לִיר, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעפְרֶעהְט פוּן רֶעגִינֶע׳ס פְרֵיינְדְלִיכְקֵייט; דַיין שְׁוֶועסְטֶער אִיז

אַ אונפֶּערשֶׁעמְטֶע מֶארְדֶערִין. זִי הָאט מִיר, וִוי אַ שְׁלַאנְג, דָאס הֶערְץ פֶּערגִיפְטֶעט, רֶעגִינֶע, זִי הָאט מִיךְ בֶּעלֵיידִיגְט, שְׁרֶעקְלִיךְ בֶּעלֵיידִיגְט, אִיךְ בִּין נִיט אִין שְׁטַאנְד דָאס דִיר אִיבֶּערצוּגֶעבֶּען.

– אִיךְ גְלוֹיבּ נִיט, מַיין הֶערר, הָאט רֶעגִינֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט, דָאס דִי שְׁוֶועסְטֶער זָאל אִיהר פְּפְלִיכְט פֶּערגֶעסֶען. גֶעוִויס הָאט זִי גֶעוָואלְט אַיינֶערֶע דִיעֶנֶער אַ בִּיסֶעל אַיינְהַאלְטֶען פוּן זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶער אוֹיפְפִיהרוּנְג. דֶערפַאר קֶען מֶען צוּ אִיהר גָאר נִיט הָאבֶען. אִיהר זֵייט אַלְט, אוּנ פַאר אַייךְ אִיז פִיעל גְלַייכֶער צוּ זַיין אוּנטֶער אַ צְוֵוייטֶענְס הַשְׁגָחָה. אִיךְ בֶּעט אַייךְ, פָאלגְט מִיר, אוּנ פָאהְרְט צוּרִיק צוּ דֶער שְׁוֶועסְטֶער, אִיהר וֶועט אִיהר זָאגֶען, דָאס אִיהר הָאט גֶעגֶען אִיהר אוּנְרֶעכְט גֶעהַאט.

– וָואס רֶעדְסְט דוּ, רֶעגִינֶע? אִיךְ זָאל בֶּעטֶען פֶּערצֵייאוּנְג בַּיי דֶער שְׁלַאנְג, וֶועלְכֶע הָאט מִיר מִיט אִיהר שְׁרֶעקְלִיכֶען צוּנְג גֶעלַאבֶערְט מַיין בְּרוּסְט?!.. נֵיין, גִיכֶער זָאל זִי בְּלִינְד וֶוערֶען, אֵיידֶער אִיךְ זָאל אָנִי־קוּקֶען אִיהר מֶארְדֶערִישֶׁעס גֶעזִיכְט.

– אָ, גָאטט! וֶוען אִיהר וֶועט אִין כַּעס וֶוערֶען אוֹיף מִיר, וֶועט אִיהר מִיר אוֹיךְ דָאסזֶעלְבֶּע וִוינְשֶׁען.

– נֵיין, לִיעבֶּע רֶעגִינֶע! הָאט לִיר גֶעפְּרוּבִּירְט פְרַיינְדְלִיךְ רֵיידֶען צוּ דֶער טָאכְטֶער. וָואס הָאבּ אִיךְ צוּ דִיר? דוּ בִּיזְט פְרַיינְדְלִיךְ, מִילְד אוּנ נִיט בֶּעזְ. דַיינֶע אוֹיגֶען קוּקֶען אוֹיף מִיךְ מִיט לִיעבֶּע אוּנ בְּרֶענֶען נִיט מִיט אַ וִוילְדֶען בְּאזֶען בְּלִיק וִוי בַּיי אִיהר! דוּ וֶועסְט נִיט פֶּערנַאנְדֶער־טְרַייבֶּען מַיינֶע הוֹיפְלַייטֶע וִוי זִי, דִיזֶעס פֶּערְגְנִיגֶען וֶועסְט דוּ נִיט צוּ־נֶעהְמֶען פוּן מִיר, דוּ פֶּערשְׁטֶעהְסְט בֶּעססֶער אַלְס זִי דַיין כְּפְלִיכְט, קִינְדֶערלִיכֶע דַאנְקְבַּארְקֵייט אוּנ אַכְטוּנְג. דוּ וֶועסְט נִיט פֶּערגֶעסֶען, דָאס אִיךְ הָאבּ דִיר אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען אַ הַאלְבֶּע מְלוּכָה.

לִיר׳ס פְרַיינְדְלִיכֶע וֶוארְטֶער אָבֶער הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעוִוירְקְט אוֹיף רֶעגִינֶע׳ן, זִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי הֶעם אִיהרִיגֶען. גְרַאדֶע אִין דֶער צַייט

איז גֶעקוּמֶען צוּפָאהרֶען גֶאנֶערִילֶיֶע. רֶעגִינֶע הָאט זִי זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אוּיפְגֶענוּמֶען.

— װעמֶען זֶעה אִיךְ? אָ, נָאטט! הָאט לִיר גֶעזָאגְט, עֶרְוֶעהֶענְדִיג גָאנֶערִילְיֶע'ן, אוּנ דוּ, מֵיין רֶעגִינֶע, גִיעבְּסְט אִיהר דִי הַאנְד?

— פַאר וָואס זָאל זִי מִיר נִיט גֶעבֶּען? הָאט גָאנֶערִילְיֶע גֶעפְרֶעגְט. אִיךְ וֵייס נִיט מִיט וָואס הָאבּ אִיךְ פֶערְזִינְדִיגְט. נָאר אַ קַשְׁיָה אוּיף אַ מַעֲשֶׂה, וָואס מְשׁוּגָעִים קֶען אַיינְפַאלֶען.

— וָואס קֶען דָאס הֶערְץ נִיט אִיבֶּערְטְרָאגֶען! הָאט לִיר אוּיסגֶעשְׁרִיעֶן; אִיז דֶען מֶעגְלִיךְ, דָאס אִיךְ וֶועל דָאס אַלֶעס קֶענֶען אִיבֶּערְטְרָאגֶען? זָאגְט מִיר אָבֶּער וֶוער הָאט מֵיין דִיעֶנֶער אִין קְלֶאטְצְלֶעךְ אַרַיינְגֶעזֶעטְצְט?

— אִיךְ הָאבּ אִיהם אַרַיינְגֶעזֶעטְצְט, הָאט דֶער הֶערְצָאג קָארְנְוַואל קַאלְט גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

— וִוי אַזוֹי הָאסְט דוּ זִיךְ דָאס דֶערְוֶועגְט!

— זַייט נִיט אַזוֹי אִין כַּעַס, פָאטֶער, הָאט רֶעגִינֶע זִיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט, וַוארְפְט אַוֶועק אַיירֶע פוּסְטֶע רֵייד, פָאהרְט יֶעטְצְט צוּרִיק צוּ דֶער שְׁוֶועסְטֶער, לָאזְט אַוֶועק אַ טְהֵייל פוּן אַיירֶע דִיעֶנֶער, אוּנ צוּם צְוֵויי-טֶען מָאנַאט וֶועט אִיהר קוּמֶען צוּ מִיר. יֶעטְצְט בִּין אִיךְ נִיט בַּיי זִיךְ צוּ הוֹיזֶע אוּנ קֶען אַיךְ דָא נִיט אָננֶעהמֶען מִיט אַייעֶר סְוִויטֶע.

— צוּ אִיהר זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען אוּנ אָבְּזָאגֶען מֵיינֶע דִינֶער? נֵיין, הָאט לִיר מִיט פֶערְצְוֵויפְלוּנְג גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל בֶּעסֶער אִין אַ שְׁטוּרְמְדִיגֶע פִינְצְטֶערֶע נַאכְט שְׁלָאפֶען אִין וַואלְד צְווִישֶׁען ווִילְדֶע טְהִיעֶרֶע! נָאטוּר בְּרֶעכְט אַייזֶען! אוּנ וָואס טְהוּט נִיט אַ מֶענְשׁ אִין אַ נָאטְה. נֵיין, אִיךְ וֶועל צוּ דֶער שְׁלַאנְג נִיט פָאהרֶען! דוּ פֶערלַאנגְסְט אֶפְשַׁר אִיךְ זָאל בַּיי דַיין שְׁוֶועסְטֶער'ס הוֹיפְמֵייסְטֶער, דֶעם פָאדְלֶעץ, זַיין אַ מְשָׁרֵת.

— הֶערְט וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען, הָאט רֶעגִינֶע אָהנֶע מִיטְלֵייד צוּ הָאבֶּען מִיט'ן פָאטֶער וַוייטֶער גֶערֶעדְט: אִיהר זַייט שׁוֹין אַלְט אוּנ

גאנעריליע ווייס וואס פאר אייך איז גוט און וואס ניט. אין אמת'ן צו וואס דארפט איהר 100 דיענער? די שוועסטער ערלויבט אייך צו האלטען 50, נאך מיין מיינונג אבער איז 25 מאנן אויך גענוג. איהר קענט זיך ריכטען, דאס מעהר ווי 25 וועל איך אייך געוויס ניט לאזען האלטען ביי מיר.

— רעגינע, רעגינע! האט ליר הערצרייסענד אויסגעשריען, ווי קענסט דו דאס אזוי ריידען צו דיין פאטער, וועלכער האט דיר אלעס אוועקגעגעבען, זיין מאכט און גאר זיין רייכטהום און פערלאנגט נור צו האבען געבען זיך 100 דיענער. איז דען דאס א צו גרויסער פערלאנג? עס קומט דאך אויס, דאס גאנעריליע איז שוין פיעל בעססער אלס דו, זי ערלויבט מיר צו האלטען 50 דיענער און ניט 25, ווי דו זאגסט. אויב אזוי וועל איך מוזען פאהרען צו גאנעריליע'ן.

גאנעריליע'ן האט אבער פערדראססען, דאס דער פאטער האט נאך א שטיקעל האפנונג אויף איהר, האט זי געאנטווערט, דאס ער דארף קיינע דיענער און איהם וועלען זיין גענוג איהרע דיענער.

מען דארף ניט פערגעססען, דאס ליר האט פאר זיין איבערגעבען די טאכטער די רעגירונג, אימער געהאט ביי זיך 1000 מאנן בעדינטע און הויפלייטע. ער האט זיך איבערגעלאזען נור 100 מאנן, נור אלס קאניגליכע עהרע. פאר איהם איז דאס געוועזען גאר א קליינע צאהל דיענער און די טאכטער האבען דאס זעהר גוט געוואוסט. זיי האבען דארום געוואלט פערקלענערען די צאהל פון זיינע הויפלייטע אום דען פאטער צו ערנידערען און אום ער זאל וויסען, דאס די גאנצע מאכט ליגט אין זייערע האנד.

— א, פאר וואס ווילט איהר ניט פערשטעהן, האט ליר געאנטווערט, דאס ביי דעם גראסטען ארעממאנן געפינט זיך איבעריגע זאכען, אהן וועלכע ער וואלט קענען אויסקומען. ווען מיר זאלען אבער געבען דעם מענשען נור דאס, אהן וואס ער קען ניט אויסקומען, קען מען

איהם דאַן פֶערגְלַייכֶען צוּ אַ בְּהֵמָה. צוּ וואס דארפט איהר טְרָאגֶען שֶׁאנֶע גֶעפּוּטְצְטֶע קְלֵייְדֶער ? אוּנז קֶענֶען וואַרעמֶען קְלֵיידֶער פוּן אֵיינְפַאכֶען טוּךְ אויךְ. אִיךְ זֶעה, דָאס מִיר פֶעהלְט יֶעטְצְט נוּר אֵיין זַאךְ — גֶעדוּלְד. אָ, גָאטט, הָאב מִיטְלֵייד ! פַאר דִיר שְׁטֶעהט אַנ'אַלְטֶער אוּנגְלִיקְלִיכֶער אָרֶעמֶמַאנן מִיט אַ פֶערוואוּנדֶעטֶען הֶערְץ, גִיעב אִיהם קְרֶאפְטֶען אִיבֶּער צוּטְרָאגֶען דִי שַׁאנְדֶע, אוּם עֶר זָאל פוּן זִינְגֶען נִיט אַרָאבגֶעהן ! אָ, אִיהר זַייט ווילְדֶע טְהִיעְרֶע. אִיהר הָאט מִיר מַיין הֶערְץ אויף שְׁטִיקְלֶעךְ צוּ־ רִיסֶען. מַיין נַארר, הָאט דֶער אוּנגְלִיקְלִיכֶער אַלְטֶער קֶאנִיג אַרוּמְגֶעה־ מֶענְדִיג זַיין נַארר'ן מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אויגֶען גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל פוּן זִינְגֶען אַרָאב !

אוּנ מִיט דִי ווֶערְטֶער אִיז לִיר מִיט'ן נַארר אוּנ קַאנְט'ן אַרוּסגֶעגַאנ־ גֶען פוּן פַּאלַאץ, הָאבֶען זִיךְ גֶעזֶעטְצְט אויף זֵייעֶרֶע פֶערְד אוּנ גֶעזֶעגְנְט מִיט הֶער סְווִיטֶע אַוֶועקגֶעפָאהרֶען.

עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁרֶעקְלִיךְ פִינסְטֶערֶע נַאכְט, עֶס הָאט גֶעשְׁטוּרְמְט אוּנ אַרוּם שְׁלָאס הָאט זִיךְ גֶעזֶעהֶען אַ ווילְדֶע זַאמְדִיגֶע וִויסְטֶע. גְרַאף גְלָאסְטֶער הָאט בֶּעדוֹיעֶרְט לִיר'ן, דִי טֶאכְטֶער אָבֶער הָאבֶּען אויף אִיהם קֵיין רַחֲמָנוּת גֶעהַאט.

— אַנ'עַקְשׁ'ן דַארְף מֶען לֶערְנֶען, עֶר אִיז דָאס ווֶערְט, הָאט רֶעגִינֶע גֶעזָאגְט. וֶועהט צוּ פֶערמַאכֶען דִי טְהוֹיעֶרֶען; אִיהם מִיט זַיינֶע הוּיפְלֵייטֶע קֶען נָאךְ אַיינְפַאלֶען אִין קָאפּ צוּרִיק צוּקוּמֶען.



## IV. דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע נַאכְט.

אַלְס לִיר אִיז אַוֶועקגֶעפָאהרֶען פוּן גְרַאף גְלָאסְטֶערְס שְׁלָאס, פוּל פוּן אֶרגֶערְנִיס אוּנ קוּמֶער הָאט עֶר זִיךְ אָבגֶעזֶעגְנְט מִיט זַיין נַארר'ן פוּן

די הויפל׳ייטע און איז אַוועק אין די ווילדע וויסטע. עס איז געווען שרעקליך פינסטער און אַ שטאַרקער שטורמווינד האט זיך אויפגעהויבען; אַ רעגען האט געגאסען ווי פון אַנ׳עמער. די ערד האט געציטערט ביי יעדען קלאַפּ פון דונער און פון מינוט צו מינוט פלעגט זיך דער הימעל עפנען און אבטונקען די גאַנצע ערד אין פייער. דער ווינד האט מיט אַזא שרעקליכער ווילדהייט געשטורמט אין דער וויסטע, דאס ניט נור מענשען האבען זיך געשראָקען פיר איהם, זאַגאר טהיערע האבען זיך בעהאלטען אין זייערע לאבער. אין אַזא שרעקליכען וועטער האט ליר אָהן אַ הוט מיט צופודרעטע האר געשפּאַצירט אין דער וויסטע. דער נארר האט געפּרובירט איהם פרייליך מאַכען.

— נו, וואס, פריינד, האט ער געזאגט, אונטער אַ דאך איז יעצט בעססער צו זיצען אלס אין אַזא שלאַקס רעגען אַרומצושפּאַצירען? פאָלג מיר, פעטער׳ל, און מאַך שלום מיט דיינע טאָכטער.

ליר האט איהם אָבער ניט געהערט און אויפהויבענדיג די האנד צום הימעל, האט ער אויסגעשריען: אָ, שטאַרקער רייס דו, שטורמווינד, האַסטיגער בלאָז דו ווינד, גיס דו, רעגען, דונער קלאַפּ און ברען דו, בליטץ! האט קיין רחמנות אויף אַנ׳אַלטען אָרעממאַנן. איהר זייט ניט מיינע טאָכטער, איך האב אייך ניט אַוועקגעגעבען מיין קאָניגרייך; זאַטיגט זיך וויפיעל איהר ווילט איבער מיין גרויען אַלטען קאָפּ.

קאַנט׳ן האט זעהר וועה געטהון דאס הערץ צוצוקוקען ווי זיין קאָניג האט ניט וואו איבערצושלאָפען די נאַכט. ער האט איהם מיט׳ן נאַרר׳ן געלאָזען אין דער וויסטע און אַליין איז ער אַוועקגעגאַנגען אין שלאָס צו די טאָכטער בעטען זיי זאָלען דעם פאטער לאָזען איבערנאַכטען; ער האט געקלאַפּט און געקלאַפּט — די טהויערען אָבער האט מען איהם ניט געעפנעט. מיט אַ צובראָכענעם הערץ איז ער צוריקגעגאַנגען און האט קוים אין דער פינסטער געפונען ליר׳ן אין וויסטע.

– קֶאנִג, אִין אַזַא וֶועטֶער אַרוּמְצוּגֶעהְן אִין דֶער ווִילְדְטֶע? דָאס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ! הָאט קַאנְט בֶּעדוֹיֶערְט זַיין קֶאנִיג.



– יַא, אִיךְ לַייד צָרוֹת מֶעהר, ווִי אִיךְ הָאבּ דָאס פֶּערְדִיעֶנְט, הַאט לִיר גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

– דָא נִיט וַוייט שְׁטֶעהט אַבּוּדְקֶע (בַּייְדֶעל). קוּמְט אַהִין אוּנ דָארְט וֶועט אִיהר זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען פוּן רֶעגֶען, הָאט קַאנְט גֶעזָאגְט צוּ לִיר'ן.

קוּמְט... הָאט לִיר אֵיינגֶעשְׁטִימְט אוֹיף קַאנְט'ס פָארְלֵייגוּנְג. וואוּ וֶועלֶען מִיר אָבֶּער שְׁטְרוֹי נֶעהמֶען? אַךְ, נָאטְה, וָואס גָאטְה אִיז! אִין אַ נָאטְה וֶוערְט אוּנְז דִי קְלֶענְסְטֶע זַאךְ טְהַייֶער! קוּם, נַארר, דוּ אוֹיךְ מִיט אוּנְז. אִיךְ הָאבּ מִיטְלֵייד מִיט דִיר.

אַלְס זַיי זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּם בּוּדְקֶע, הָאט זִיךְ לִיר אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאט צוּ קַאנְט'ן גֶעזָאגְט:

— דוּ מֵיינְסְט עֶס הַארְט מִיר וָואס מִיר אִיז יֶעטְצְט נַאס אוּנ קַאלְט? נֵיין, נִיט הֶערְפַּאר אִיז מַיין אוּנגְלִיק גְרוֹיס. דִי גְרוֹיסֶע צָרָה מַאכְט אוּנְז פֶערגֶעכְסֶען אָן דִי קְלֵיינֶע. דִיזֶער שְׁטוּרְמְווִינְד אִיז גָאר נִיט גֶעגֶען דֶעם שְׁטוּרְם פוּן מַיין הֶערְצֶען, וֶועלְכֶער מַאכְט פֶערגֶעסֶען אָן דִי שְׁמֶערְצֶען פוּן קֶארְפֶּער. מַיין גְרֶעסְטֶער שְׁמֶערְץ אִיז — דִי אוּנְדַאנְקְבַּארְקַייט פוּן מַיינֶע קִינְדֶער. אָ, רֶעגִינֶע, גָאנֶערִילְיֶע! אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶע פִינְסְטֶערֶע נַאכְט אַרוֹיסצוּטְרַייבֶּען אַייעֶר אַלְטֶען פָאטֶער, וֶועלְכֶער הָאט אַייךְ אַלֶעס אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען!.. דָאס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ! נֵיין; אִיךְ וֶועל בֶּעסֶער שְׁוַויגֶען, אוּם אִיךְ זָאל פוּן זִינֶען נִיט אַרָאבְּגֶעהְן. אִיהר קֶענְט גֶעהְן אִין בּוּדְקֶע, הָאט עֶר זִיךְ גֶעווֶענְדֶעט צוּ קַאנְט'ן אוּנ צוּם נַארר, אִיךְ וֶועל דֶערוַוייל תְּפִלָה טְהוּן אוּנ נַאכְהֶער זִיךְ לֵייגֶען שְׁלָאפֶען. דֶער שְׁטוּרְמְווִינְד צוּשְׁלָאגְט מִיר מַיינֶע פִינְסְטֶערֶע גֶעדַאנְקֶען.

אוּנ לִיר הָאט זִיךְ עֶרמָאנְט אָן דִי אוּנגְלִיקְלִיכֶע אָרֶעמֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע מוּזֶען אַזוֹי וִוי עֶר פֶערבְּרֵיינְגֶען דִי גַאנְצֶע נַאכְט אִין דְרוֹיסֶען אוּנ נִיט שְׁלָאפֶען.

— וִוי קֶענְט אִיהר, אָרֶעמֶע אוּנגְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, מִיט אַ הוּנְגֶערִיגֶען מָאגֶען אוּנ צֶערִיסֶענֶע קְלֵיידֶער, אִיבֶּערטְרָאגֶען אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶע נַאכְט אוּנְטֶער'ן הוֹילֶען הִימֶעל? וֶוער וֶועט אוֹיף אַייךְ רַחֲמָנוּת הָאבֶּען? וֶועניג הָאבּ אִיךְ וֶועגֶען אַייךְ גֶעטְרַאכְט. אָ, אִיהר רַייכֶע לַייט! נֶעהְמְט זִיךְ אַ מוּסָר אַרָאבּ פוּן מִיר צוּ הֶעלְפֶען אָרֶעמֶע, אַייעֶרֶע אָרֶעמֶע בְּרִידֶער; דֶענְקְט וֶועגֶען זַייעֶר לַאגֶע אוּנ הֶעלְפְט זַיי וִויפִיעל אִיהר זַייט אִין שְׁטַאנְד.

דִי בִּיטֶערֶע נָאטְה הָאט לִיר'ן אַזוֹי וַוייךְ גֶעמַאכְט, דָאס אַלְס עֶר הָאט עֶרזֶעהֶען אַרוֹיסשְׁפְּרִינְגֶען פוּן בּוּדְקֶע אַ נַאקֶעטֶען אָרֶעמַאנְן הָאט

ער פון זיך אַראָבגענומען זיינע קאָניגליכע קליידער און האט איהם מיט זיי צוגעדעקט.

— איז דען דאס א מענש? האט ליר געפרעגט. זעהט, ער געהט נאַקעט, ווי די מוטטער האט איהם געבאָרען. אט דאס הייסט טאַקי אַ מענש – אַנ'אָרעמע, נאַקעטע, צווייפיסיגע בהמה, אָבער מיר אַלע 3 זיינען נור אָהנליך צו מענשען.

ליר האט אין דיזע שרעקליכע נאַכט אַזוי פיעל אויסגעליטען, דאס ער האט אָנגעהויבען צו רייהען פון וועג און האט דורכאויס געוואָלט געהן אַזוי נאַקעט ווי דיזער אָרעמאַנן און האט פון זיך די קליידער געריסען.

אין דיזער צייט האט זיך פון וויטען בעוויזען אַ פאַקעל מיט פייער. דאס האט דער גראַף גלאָסטער געזוכט ליר'ן. גלאָסטער אַלס, געוועזענער הויפמאַנן פון ליר'ס סוויטע, איז געוועזען געוואָהנט צו ערפילען יעדער בעפעהל, וואס מען האט איהם געגעבען. רעגינע האט איהם בעפאָהלען צו פערמאַכען די טהויערען פון זיין אייגענעם שלאָס און ניט אַריינלאָזען דעם קאָניג, האט ער עס ערפילט. ערמאָנענדיג זיך אָבער די לאַגע פון אַלטען קאָניג אין אַזא שרעקליכע נאַכט אין דער וויסטע, האט ער זיך בעשלאָסען צו געהן איהם אויפזוכען. אויסער-דעם האט גלאָסטער ביי נאַכט בעקומען אַ געהיימען בריעף פון קאָר-דעליע'ן, וועלכע האט זיך ערוואוסט פון די צרות, וואס איהרע שוועסטער פערשאַפען דעם געלעבטען פאָטער איהרען; אין בריעף איז געשטאַנען, דאס זי האט אויסגעווירקט ביי איהר מאַנן ער זאל פערפיהרען אַ שטרייט מיט די שוועסטער און צונעהמען ביי זיי דעם קאָניגרייך און מאַכען ליר'ן צוריק פאַר'ן קאָניג. פון דיזעם בריעף האט גלאָסטער קיינעם ניט געזאָגט אויסער זיין שטיפזאָהן, עדמונד.

אַלס גלאָסטער האט ענדליך געפונען ליר'ן, האט ער צו איהם

גֶעְזָאגְט: איךְ קֶען נִיט אִיבֶּערטְרָאגֶען דִי מֶארדֶערַיי פוּן אַייֶערֶע טָאכ־טֶער אוּנ וֶועל זַיי מֶעהר נִיט פּאלְגֶען. קוּמְט צוּ מִיר, קֶאנִיג, אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבֶּען אַנ אָרְט צוּם שְׁלָאפֶען אוּנ אֶבֶּענְד־בְּרוֹיט אִיז שׁוֹין אָנגֶעגְרֵייט פַאר אַייךְ.

דֶער צוּמִישְׁטֶער לִיר אָבֶּער הָאט אוֹיף קֵיין אַרְט נִיט גֶעוָואלְט גֶעהן אָהן דֶעם אָרֶעממַאנן, אַלְס דֶער אָרֶעממַאנן הָאט אַיינגֶעשְׁטִימְט אוֹיךְ מִיטצוּגֶעהן, אִיז לִיר מִיטגֶעגַאנְגֶען.

קוּמֶענְדִיג אִין שְׁלָאס, הָאט לִיר אָנגֶעפַאנְגֶען צוּ רֵיידֶען וִוי אַ וַואה־רֶער וַואהנְזִינִיגֶער נוּר וֶועגֶען דִי אוּנדַאנקְבַּארְקֵייט פוּן זַיינֶע טֶאכְטֶער אוּנ הָאט אַזַא לַאנגֶע צַייט גֶערֶעדְט בִּיז עֶר אִיז שְׁטַארְק אַיינגֶעשְׁלָאפֶען.

---

גְלָאסְטֶער'ס זָאהן, עֶדמוּנְד, הָאט דֶערוַוייל זִיךְ בֶּעדֶענְקְט צוּגַירְשֶׁענֶען דֶעם פָאטֶער פַאר זַיין לֶעבֶּען אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר עֶרצֶעהלְט דֶעם הֶערְצָאג קָארְנְוַואל אוּנ רֶעגִינֶע'ן פוּן דֶעם גֶעהֵיימֶען בְּרִיעף, וֶועלְכֶען גְלָאסְטֶער הָאט בֶּעקוּמֶען פוּן קָארְדֶעלְיֶען אוּנ, דָאס עֶר הָאט גֶעגֶען זֵייעֶר ווילֶען אַרֵיינְגֶעלָאזֶען צוּ זִיךְ לִיר'ן.

הֶערְצָאג קָארְנְוַואל אוּנ רֶעגִינֶע הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ מַאכֶען אִיננַאנְצֶען אַנ'עֶנְדֶע פוּן לִיר'ן. וֶועגֶען דִיזֶען שְׁרֶעקְלִיכֶען פְּלַאן הָאט זִיךְ גְלָאסְטֶער עֶרוואוּסְט אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען דֶעם קֶאנִיג צוּ רֶעטֶען פוּן טוֹיט. אוּנ אַ שְׁלָאפֶענְדֶען הָאט מֶען לִיר'ן אַוֶועקְגֶעלֵייגְט אוֹיף אַ טְרַאגֶע אוּנ אִין גֶעהֵיים אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען אַהִין, וואוּ קָארְדֶעלְיֶע מִיט'ן מַאנן אוּנ דִי סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען,

אַלְס מֶען הָאט לִיר'ן אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען, הָאבֶּען רֶעגִינֶע מִיט'ן מַאנן בֶּעפָאהלֶען דֶעם הוֹיפְמֵייסְטֶער מִיט אֵיינִיגֶע דִיעֶנֶער לִיר'ן אוֹיפְצוּזוּכֶען אוּנ אִיהם צוּ טוֹידְטֶען. דֶער הוֹיפְמֵייסְטֶער אָבֶּער הָאט זַיי גֶעאֶנְטְוֶוערְט,

דָאס גְלָאסְטֶער הָאט אִיהם אִין גֶעהַיים אַוֶועקגֶעפִיהְרְט אִין פְרַאנְצָאזִישֶׁען לַאגֶער ,

רֶעגִינֶע אוּנ קָארְנְוַואל הָאט דָאס פֶערבְּרֶענְט וְוִי אַ פַייֶער אִין הָאבֶּען גֶעהַייסֶען בְּרֵיינְגֶען דֶעם אַלְטֶען גְרַאף גְלָאסְטֶער . אַלְס מֶען הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט הָאט מֶען אִיהם גֶעבּוּנְדֶען דִי הֶאנְד אוּנ פִּים .

– אַ מֶארְדֶער וָואלְט דָאךְ דָאס נִיט גֶעטְהוּן ; אִיהר זַייט אִין מַיין הויז אוּנ בֶּעהַאנְדֶעלְט מִיךְ אַזוֹי אוּנבַּארְמְהֶערְצִיג !

זַיינֶע וֶוארְטֶער הָאבֶּען אָבֶּער גָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען . רֶעגִינֶע מִיט'ן מַאנְן הָאבֶּען בַּיי דֶעם גֶעבּוּנְדֶענֶעם גְלָאסְטֶער אָנגֶעפַאנְגֶען אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען פַאר וָואס אוּנ וואוּ עֶר הָאט לִיר'ן אַוֶועקגֶעפִיהְרְט . גְלָאסְטֶער הָאט זֵיי פוּן אַלֶעם דֶעם אֱמֶת עֶרצֶעהלְט .

– אִיךְ הָאבּ אִיהם דֶערפַאר גֶערֶעטֶעט , אוּם מַיינֶע אוֹיגֶען זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מֶארְדֶערִין , וְוִי דוּ וֶועסְט דַיין אַלְטֶען פָאטֶער מַאטֶערְן , וְוִי דַיין שְׁוֶועסְטֶער , וָואס אִיז נִיט בֶּעסֶּער פוּן דִיר , וֶועט רַייסֶען זַיין קֶאנִיגְלִיכֶעס פְלֵייש . . . אַז דַיין אַלְטֶער פָאטֶער אִיז אִין דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁטוּרְמְדִיגֶע פִינְסְטֶערֶע נַאכְט מִיט אַ הוֹילֶען קָאפּ אַרוּמְגֶענַאנְגֶען אִין דֶער וְוִיסְטֶע אוּנ הָאט גֶעגָאסֶען טְרֶערֶען וְוִי אָ קְלֵיין קִינְד , הָאסְט דוּ אִיהם נִיט אַרֵיינְגֶעלָאזֶען אִין מַיין הויז ! וֶוען זָאגַאר וֶואלְף וָואלְטֶען אִין אַזַא נַאכְט גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל זֵיי אַרֵיינְלָאזֶען , הָאסְט דוּ דָאס אוֹיךְ גֶעדַארְפְט טְהוּן ! וַוארְט ! מַיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען נָאךְ זֶעהֶען אַ מַפָּלָה אוֹיף אַייךְ אַלֶע פַאר אַייֶערֶע מֶארְדֶערִישֶׁע טְהַאטֶען .

– נֵיין , דוּ וֶועסְט דָאס קֵיינְמָאל זֶעהֶען ! הָאט הֶערְצָאג קָארְנְוַואל גֶעשְׁרִיעֶן ; מִיט רְצִיחָה אִיז עֶר צוּגֶעלָאפֶען צוּם גֶעבּוּנְדֶענֶעם אַלְטֶען גְרַאף אוּנ הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶערִיסֶען אַנ'אוֹיג אוּנ מִיט דִי פִּים צוּטְרָאטֶען .

– אָ , רֶעטְעט מִיךְ הָאט גְלָאסְטֶער זִיךְ גֶעבֶּעטֶען , אִיהר אַלֶע ,

װער עס װיל נור ערלעבען מײן אַלטער! אָ, גזלנים!

אײן דיענער האט אַזאַ בלוטיגע מאָרדעריי ניט געקענט צוזעהען אונ האט אָנגעהױבען צו בעטען דעם הערצאָג ער זאָל רחמנות האָבען אױפ׳ן אַלטען. דער הערצאָג אָבער האט אַרױסגעכאַפּט זײן שװערד אונ איז אַרױפגעפאַלען אױפ׳ן דיענער — „הונד, משרת, װי דערװעגסט זיך דאס מיר צו זאָגען מוסר״! האט ער געשריען. דער דיענער האט אױך אַרױסגעכאַפּט זײן שװערד אונ האט זיך בעשיטצט געגען הערצאָג. עס האט זיך אָנגעהױבען צװישען זײ אַ קאַמפּף אונ ענדליך האט ער דעם הערצאָג שטאַרק געראַנעט.

אין דער צייט װאס דער דיענער האט זיך געשלאָגען מיט׳ן הערצאָג, האט רעגינע געכאַפּט אַ שװערד בײ אַ צװײטען דיענער, האט זיך אונטערגעגנבעט שטילערהײט פון הינטען אונ האט דעם דיענער גע־שטאָכען.

— איך שטאַרב! האט דער דיענער געזאָגט, גראַף! איהר האט דאך נאָך אײן אױג... זעהט װי דער מאָרדער איז בעשטראָפט...

— נײן, ער װעט דאס ניט זעהען, האט קאָרנװאַל געענטפערט, אונ מיט די לעטצטע קראַפטען איז ער צוגעגאַנגען צו גלאָסטער׳ן אונ האט איהם די צװײטע אױג אַרױסגעריסען.

אונ אַלס דער אונגליקליכער האט אָנגעהױבען רופען צו הילף זײן ליעבען עדמונד׳ן, האט זיך רעגינע אָבגערופען: — „עדמונד איז דײן פײנד אונ ער מאַכט האט אונז ערצעהלט דײן פאַלשקײט געגען אונז״. דער הערצאָג קאָרנװאַל האט געהײסען אַרױסװאַרפען גלאָסטער׳ן אױפ׳ן מיסט. די דיענער אָבער האָבען מיטלײד געהאט מיט׳ן אַלטען, האָבען איהם צוגעלײגט מעדיצין צו זײנע װאונדען אונ האָבען געפונען אַ־נאַרעמ־מאַן זאָל איהם פיהרען. דער הערצאָג קאָרנװאַל איז באַלד נאָכדעם פון זײן װאונד געשטאָרבען.

## י. דֶער אוּנגְלִיקְלִיכֶער קֶאנִיג.

דֶער גְרַאף גְלָאסְטֶער הָאט גֶעהַאט נָאך אַ צְוֵויטֶען לַייבְּלִיכֶען זָאהן, מִיט'ן נָאמֶען עֶדוַוארְד, אוֹיף וֶועלְכֶען דֶער שְׁטִיפְזָאהן עֶדמוּנְד הָאט אָנגֶעעֶרְכִילוּתְ'ט פַאר'ן פָאטֶער, דָאס עֶר דֶענְקְט דֶעם פָאטֶער צוּ טוֹיְד־טֶען, גְלָאסְטֶער הָאט עֶס גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ הָאט גֶעוָואלְט דֶעם זָאהן אוּמְבְּרֵיינְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט. עֶדוַוארְד הָאט זִיך עֶרוואוּסְט פוּן זַיין סַכָּנָה אוּנ לַאנְג נִיט גֶעוַוארְט, הָאט עֶר זִיך אַרוֹיסְגֶעדְרֶעהט פוּן פָאטֶערְס הֶאנְד; עֶר הָאט זִיך פֶערְשְׁטֶעלְט פַאר אַנ'אָבְּגֶערִיסֶענֶעם אָרֶעמַאנְן אוּנ אִיז אַרוּמְגֶעבְּלָאנְדְזֶעט אִין דֶער וִויסְטֶע. דִיזֶער זָאהן הָאט גֶעטְרָאפֶען דֶעם אוּנגְלִיקְלִיכֶען פָאטֶער אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען זַיין שׁוֹמֵר אוּנ, אוּם זַיין פָאטֶער זָאל נִיט אַרֵיינְפַאלֶען אִין מֶערְדֶערִישֶׁע הֶאנְד, הָאט עֶר אִיהם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט אִין פְרַאנְצֶעזִישֶׁען לַאגֶער.

לִיר'ן הָאט מֶען דֶערְוַוייל בְּשָׁלוֹם גֶעבְּרַאכְט אִין פְרַאנְצֶעזִישֶׁען לַאגֶער צוּ קָארְדֶעלֶיע'ן. עֶר אִיז זָאבֶער פוּן אִיהר בַּאלְד עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען אִין דִי וִויסְטֶע, דֶער וַואהְנְזִינִיגֶער קֶאנִיג הָאט בֶּעפּוּטְצְט דֶעם קָאפּ מִיט אַ בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ אוּנ מְשׁוּגָעֶנֶערְהֵייט זִיך אַרוּמְגֶעבְּלָאנְקֶעט אִין דֶער וִויסְטֶע, דָארְט הָאט עֶר זִיך גֶעטְרָאפֶען מִיט גְלָאסְטֶער'ן.

— זֵיי הָאבֶּען מִיר אַלֶע גֶעחַנְפֶּט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ גְלָאסְטֶער'ן, גֶעגְלֶעט וִוי דֶעם הוּנְד. אוֹיף מַיינֶע וֶוארְטֶער הָאבֶּען זֵיי אִין אֵיין צַייט גֶעאֶנְטְוֶוערְט יַא אוּנ נֵיין, אָז אִיך הָאבּ זֵיי פֶערְשְׁטַאנֶען, וֶוען דֶער רֶעגֶען הָאט מִיך שְׁטַארְק דוּרכְגֶעוֵוייקְט! וֶוען מַיינֶע אַלְטֶע בֵּיינֶער הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט פוּן קֶאלְט, וֶוען אוֹיף מַיין בֶּעפֶעהל אִיז דֶער דוּנֶער נִיט שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען, אָט דַאן הָאבּ אִיך זֵיי גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען. נֵיין! מֶען טָאר נִיט גְלוֹיבֶּען דִי גְלַאטֶע צִינגֶער מִיט זֵייעֶרֶע שֶׂאנֶע חֲנִיפֶּדִיגֶע

בַּייד • מֶען פְלֶעגְט מִיר שְׁטֶאנְדִיג חַנְפֶּנֶען אוּנ זָאגֶען , דָאס אִיךְ בִּין שְׁטַארְקֶער פוּן אַלֶע ׳ דֶער קַאלְטֶער ווִינְד אָבֶּער אִיז פִיעל שְׁטַארְקֶער פוּן מִיר •

גְלָאסְטֶער הָאט אִיהם אָן דֶער שְׁטִימְמֶע בַּאלְד עֶרְקָאנְט אוּנ הָאט גֶעפְרֶעגְט •

— ווִי קוּמְט אַהֶער דֶער קֶאנִיג ?

— יַא , אַ קֶאנִיג ! פוּן קָאפּ בִּיז דִי פִּיס אַ קֶאנִיג , הָאט לִיר גֶעאֶנְטְ־וֶוערְט • דוּ זֶעהסְט נִיט , ווִי פַאר מַיין בְּלִיק צִיטֶער׳ן אַלֶע דִיעֶנֶער •

— הָאסְט דוּ מִיךְ עֶרְקָאנְט ? הָאט גְלָאסְטֶער אִיהם ווִידֶער גֶע־פְרֶעגְט •

לִיר הָאט אִיהם גֶעאֶנְטְווֶערְט , דָאס עֶר קָאן אִיהם אוּנ הָאט אִיהם דֶערלַאנְגְט אַ בּוֹיגֶען פֶּערשְׁרִיבֶּענֶעם פַּאפִּיר אִיבֶּערצוּלֶעזֶען •

— עֶס מַאכְט נִיט אוֹיס , הָאט לִיר גֶעזָאגְט , וָואס דוּ הָאסְט קֵיין אוֹיגֶען , דֶעם מֶענְשֶׁענְס טְהַאטֶען קֶען מֶען אָהן אוֹיגֶען אוֹיךְ זֶעהֶען • גֶעה , זֶעה , אַ בַּעַל־תַּאֲוָה שְׁלָאגְט זַיין צוּלָאזֶענֶע טָאכְטֶער אוּנ גִיבֶער דַארְף מֶען אִיהם אַלֵיין צוּבְּרֶעכֶען הֶאנְד אוּנ פִּיס • אַ פְּרָאצֶענְטְנִיק רֶעכְנְט זִיךְ אוּנבַּארְמְהֶערְצִיג אָבּ מִיט זַיין נִיט עֶהרְלִיכֶען בַּעַל חוֹב • בַּיי דֶעם אָרֶעמַאנ זֶעהט מֶען אַלֶע חֶסְרוֹנוֹת , בַּיי דִי רַייכֶע אָבֶּער–קֵיינֶע פֶעהלֶערִין ; טְהוּ אָן דֶעם גְרֶאבְּטֶען פֶערבְּרֶעכֶער אִין גָאלד אוּנ דַאן אִיז פַאר אִיהם קֵיין דִין אוּנ קֵיין מִשְׁפָּט נִיט דָא , טְהוּ אִיהם אָבֶּער אָן אִין צוּרִיסֶענֶע קְלֵייְדֶער אוּנ דַאן וֶועט עֶר פוּן דֶעם קְלֶענְסְטֶען בְּלָאז פֶער־לָארֶען גֶעהְן • נֵיין , עֶס גִיבְּט אוֹיף דֶער ווֶעלְט קֵיין אוּנגֶערֶעכְטֶע ! דָאס ווַייס אִיךְ , אַז נִיט ! אִיךְ וֶועל זִיךְ פַאר זַיי אָנגֶעהמֶען אוּנ וֶועל דִי מַיילֶער פוּן דִי מוֹכְרִים פֶערשְׁטָאפֶּען • קוֹיף זִיךְ בְּרִילֶען אוּנ מַאךְ זִיךְ אַז דוּ זֶעהסְט דָאס , וָואס דוּ קֶענסְט נִיט זֶעהן •

אָט אַזוֹי הָאט זִיךְ בַּיי לִיר׳ן אוֹיפְגֶעפְלָאנְטֶערְט דֶער אֱמֶת מִיט׳ן מְשׁוּגַעַת •

– אויב דו ווילסט, גלאָסטער, וויינען וועגען מיר, נעהם מיינע אויגען. פערליר ניט דיין מוטה; ווייסט דו פאר וואס מיר וויינען אונ שרייען, ווי נור מיר געהן אַרויס אויף די ווייסע וועלט? ווייל אונז איז ביטער אנצוהייבען שפּילען די נאַרישע ראָליע פון לעבען.

קאָרדעליע האט זיך שרעקליך בעאונרוהיגט וועגען פאטער אונ האט איבעראל פערנאַנדערגעשיקט מענשען איהם אויפצוזוכען. אַלס מען האט איהם געפונען אונ געוואָלט מיטנעמען, האט ער זיך גע־בעטען.

– בעהאַנדעלט מיך בעססער. איך בין עלענד. איך האב שוין קיין קראַפטען מעהר צו וויינען.

מען האט ליר'ן אַוועקגעפיהרט צו קאָרדעליען, וועלכע האט זיך געסטאַרעט אידם צו טרייסטען, אום ער זאָל פערגעססען די פריהריגע צרות זיינע. איהר לייב־דאָקטאר האט איהם געגעבען אַ שלאָפטרונק אונ האט פערזיכערט, דאס נאך אַ שטאַרקען לאַנגען שלאָף, וועט ער געזינדער ווערען. ליר האט אַ לאַנגע צייט געשלאָפען. אַלס דער דאָקטאר האט געזאָגט, דאס מען קען איהם שוין אויפוועקען, האט מען דעם שלאָפענדען ליר'ן אָנגעטהון אין טהייערע קאָניגליכע קליידער, געבען זיין בעטט האט מען אַוועקגעשטעלט מוזיקאַנטין זיי זאָלען שפּיע־לען, אום איהם אויפצו־וועקען.

קאָרדעליע האט זיך געזעטצט נעבען פאטערס בעטט אונ איהם קושענדיג, האט זי מיט איהר אַנגענעהמער שטיממע געזאָגט:

– פאטער, ליעבער פאטער מיינער! זאָל מיין קוש דיר געבען געזונד אונ פערהיילען דיינע שמערצען, וועלכע די שוועסטער האבען דיר פערשאַפט. ווען דו וואָלסט אפילו ניט געוועזען זייער פאטער, האָ־בען זיי אויך געדאַרפט רחמנות האבען אויף דיינע אַלטע יאָהרען! איז דען מעגליך, דאס דיזער גרויער קאָפּ האט געליטען קאָלט אונ רעגען? דעם הונד פון מיין ערגסטען שונא וואָלט איך זיך ניט געוואַגט אַ

אַ שְׁטורמְווִינְד אויפ'ן גאס צו לָאָזען ! אָ, גאטט! שִׁיק אַ רְפוּאָה מַיין אַרְמֶען, אַלְטֶען פָאטֶער, וֶועלְכֶער איז פון צָרות גֶעוָוארֶען ווי אַ קְלֵיין קינְד.

ליר הָאט זִיךְ אויפְגֶעוואַכְט. קָארְדֶעלְיֶע הָאט אִיהם פְרַיינְדְלִיךְ גֶע־פְרֶעגְט:

— זַייט אִיהר גֶעזוּנְד, גְרויסֶער רֶעגִירֶער? ווי פִיהלְט זִיךְ דֶער קֶאנִיג?

— פַאר וָואס הָאט מֶען מִיךְ פון קֶבֶר אַרויסְגֶענוּמֶען? הָאט לִיר גֶע־זָאגְט. וָואס פַאר אַ שֶׁאנֶער טָאג! אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין טָעוּת? מִיר וָואלְט זֶעהר בִּיטֶער גֶעוֶועזֶען צו זֶעהֶען אַ מֶענְשֶׁען, וִוי אִיךְ בִּין יֶעטְצְט.

— קֶאנִיג זֶעגְנֶעט מִיךְ! הָאט קָארְדֶעלְיֶע אָנְגֶעהויבֶּען צו בֶּעטֶען.

לִיר'ן אָבֶּער, נָאךְ דִי גְרויסֶע צָרות, וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט פון זַיינֶע אֶלְטֶערֶע טֶאכְטֶער, אִיז פָארגֶעקוּמֶען זָאנְדערבַּאר, עֶס זָאל וֶוער בַּיי אִיהם אַ בְּרָכָה בֶּעטֶען.

— אִיךְ בֶּעט דִיךְ, הָאט לִיר אִיהר פַאלֶענְדִיג צו דִי פִים גֶעזָאגְט; לַאךְ נִיט פון מִיר! אִיךְ בִּין אַן'עֶלֶענְדֶער נַארִישֶׁער אַלְטִיטשְׁקֶער; אִיךְ בִּין שׁוין קָרוב פון 90 יָאהר אונ דֶער שֵׂכֶל, מִיט'ן אֶמֶת זָאגֶענְדִיג, דִיעֶנְט מִיר שׁוין נִיט. דִיךְ עֶרְקֶען אִיךְ, דוּ בִּיזְט קָארְדֶעלְיֶע, מַיין קִינְד... דוּ וֵויינְסְט!... וֵויין נִיט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ. גִיעבּ מִיר צו טְרִינְקֶען גִיפְט, אום אִיךְ זָאל קֶענֶען גִיכֶער שְׁטַארְבֶּען, וַוייל דוּ לִיעבְּסְט מִיךְ נִיט. דַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער הָאבֶּען מִיךְ אָהן קֵיינֶע אורזַאכֶע בֶּעלֵיידִיגְט, דוּ אָבֶּער הָאסְט אַן'אורזַאכֶע מִיךְ נִיט צו לִיעבֶּען.

— נֵיין, נֵיין! קֵיין אורזַאכֶע, לִיעבֶּער פָאטֶער. אִיךְ לִיעבּ דִיךְ! אונ קָארְדֶעלְיֶע אִיז גֶעפַאלֶען לִיר'ן אויפ'ן הַאלְז קוּשֶׁען.

— פֶערְצֵייהֶע מִיר, קָארְדֶעלְיֶע, הָאט לִיר זֶעהר גֶערִיהְרְט גֶעזָאגְט, אונ פֶערְגֶעסס דִי פֶערגַאנְגֶענְהֵייט. אִיךְ בִּין אַלְט אונ נַארִישׁ!

לִיר'ן אִיז זֶעהר גוּט גֶעוֶועזֶען בַּיי קָארְדֶעלְיֶע'ן. דֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער קֶאנִיג, קָארְדֶעלְיֶע'ס מַאנן, הָאט צוּם קָאמַאנְדֶעוֶוען אִיבֶּער דִי סָאלְדַא־

טֶען אִין שְׁטְרַייט, אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען אֵיינֶעם פוּן זַיינֶע גֶענֶערֶאלֶער, אוּנ אַלֵיין הָאט עֶר צוּלִיעבּ אַ פָּאלִיטִישֶׁער זַאךְ גֶעמוּזְט אַוֶועקפָאהרֶען נָאךְ פְּרַאנקְרַייךְ.

רֶעגִינֶע הֶערוַוייל, אַלְס אִיהר מַאנן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט גֶעוָואלְט הֵייַראטְהֶען הֶעם שֶׁאנֶעם עֶדמוּנְד, וֶועלְכֶען זִי הָאט אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען גָאר אִיהרֶע סָאלְדַאטֶען אוּנטֶער זַיין הַאנְד. גָאנֶערִילְיֶע הָאט זִיךְ אוֹיךְ שְׁטַארְק פֶערלִיעבְּט אִין עֶדמוּנְד'ן אוּנ הָאט גֶערֶענְקט צוּ מַאכֶען אַנ'עֶנדֶע מִיט'ן מַאנן.

רֶעגִינֶע הָאט פֶערשְׁפְּרָאכֶען אַ גְרוֹיסֶע נַאגְרַאדֶע דֶעם, וֶוער עֶס וֶועט טוֹידְטֶען גְלָאסְטֶער'ן. וֶועלְכֶען אַלֶע הָאבֶּען זֵייעֶר בֶּעדוֹיעֶרְט. גָאנֶערִילְיֶעם הוֹיפְמֵייסְטֶער הָאט אִיהם גֶעפוּנֶען אוּנ הָאט אִיהם גֶעוָואלְט טוֹידְטֶען, עֶדוַוארְד אָבֶּער הָאט בֶּעשִׁיטְצְט דֶעם פָּאטֶער אוּנ הָאט אִין קַאמְפְּף גֶעטוֹידְט דֶעם הוֹיפְמֵייסְטֶער, בַּיי וֶועלְכֶען עֶר הָאט אִין בּוּזֶען גֶעפוּנֶען פוּן גָאנֶערִילְיֶע'ן צוּ עֶדמוּנְד'ן אַ בְּרִיעף, אִין וֶועלְכֶען זִי בֶּעט אִיהם עֶר זָאל אוּמְבְּרֵיינְגֶען אִיהר מַאנן פוּן דֶער וֶועלְט. דִיזֶען בְּרִיעף הָאט עֶרוַוארְד אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען דֶעם הֶערְצָאג אַלְבַּאנִי, גָאנֶערִילְיֶע'ס מַאנן... אַלְס עֶר הָאט גֶעוָואלְט דִיזֶען בְּרִיעף אִיבֶּערלֶעזֶען הָאט מֶען אִיהם פְּלֶאטְצְלִיךְ גֶעמֶעלְדֶעט, דָאס דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע מִיט דִי עֶנגְלִישֶׁע סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען דִי שְׁלַאכְט אָנגֶעהוֹיבֶּען.

עֶדמוּנְד, וֶועלְכֶער הָאט גֶעקָאמַאנְדֶעוֶועט אִיבֶּער דִי עֶנגְלִישֶׁע סָאלְדַאטֶען, אִיז גֶעוֶוען זֶעהר אַ גֶעשִׁיקְטֶער פָּאלְקָאוָואדֶעץ אוּנ הָאט פוּן דִי פְרַאנְצֶאזֶען אַ תֵּל גֶעמַאכְט; לִיר'ן מִיט קָארְדֶעלְיֶע'ן הָאט עֶר גֶענוּמֶען אִין פְּלֶען אוּנ בֶּעפָאהלֶען זֵיי אַריינְצוּזֶעטְצֶען אִין גֶעפֶאנְגְנִים.

לִיר הָאט זִיךְ וֶוענִיג גֶעקִימֶערְט וֶועגֶען זַיין לַאגֶע. זַיין אֵיינְצִיגֶער וואוּנְשׁ אִיז גֶעוֶוען נוּר צוּ זַיין בֶּעזַאמֶען מִיט קָארְדֶעלְיֶע'ן, מִיט דִיזֶען שֶׁאנֶעם אוּנ לִיעבֶּען עֶנגֶעל.

— מִיר וֶועלֶען בֶּעזַאמֶען אִין טוּרְמֶע, וִוי צְוֵויי פֵייגֶעלֶעךְ אִין שְׁטַייג

זינגען, האט ער געטרייסט קארדעליע׳ן, איך וועל צו דיינע פיס פאלען און בעטען ביי די פערציייאונג. מיר וועלען בעזאממען גאטט בעטען, זיך איינער דעם צווייטען מעשיות ערצעהלען, לאבען פון די הויפלייטע און אזוי וועלען מיר זיך אהן קוממער און זארגען פערברייננגען אונזער לעבען אין דער פינסטערער טורמע.

אט ווי אזוי ליר׳ן איז יעטצט טהייער געוואָרען קארדעליע. מיט איהר האט ער זיך געפיהלט זיכער און האט זיך פאר קיינעם געשראָקען.



## ז׳ו. טרויער איבער טרויער.

עדמונד מיט רעגינען האבען ביידע זיך בעשלאָסען צו מאבען אנ׳ענדע פון ליר׳ן און פון קארדעליע׳ן. דאריבער האט דיזער בעטריגער צוגערופען צו זיך זיינעם אנ׳איבערגעבענעם אפיצער און דערלאנגענדיג איהם א צעטעל האט ער געזאָגט:

— ניט איינמאל האסט דו בעקומען פון מיר א נאגראדע און יעטצט וועל איך דיר אויך געבען. דו דארפסט פערשטעהן, דאס איינעם הויבט די צייט אויף — דעם צווייטען ערנידריגט זי. אלזא אהן מענות, פאר א סאלדאט איז ניט שאן רחמנות, נעהם דיזען צעטעל און ערפיל וואס דא איז אנגעשריבען.

און אין דיזעם צעטעל איז געשטאנען, דאס מען זאל ליר׳ן און קארדעליע׳ן טוידטען.

אלס גאנעריליעס ארדענטליבר און גוטהערציגער מאנן האט זיך ערוואוסט, דאס ליר׳ן און קארדעליע׳ן האט מען גענומען אין פלען, האט

ער זיי געוואלט בעפרייען און ליר'ן צוריק אבגעבען דעם גאנצען קא־ניגרייך. פריהער פון אלעם אבער האט ער זיך געוואלט אברעכנען מיט עדמונד'ן, דעם בעטריגער, און מיט זיין פרוי. איהר בריעף האט ער שוין געהאט איבערגעלעזען.

נאכ'ן שטרייט זיינען זיך צוזאמענגעקומען אלבאני, עדמונד, רע־גינע און גאנערילע. רעגינע האט פיר אלע געמעלדעט, דאס זי הייראטהעט עדמונד'ן, גאנערילע אבער האט זיך פון דעם נאך פריהער ערוואוסט און האט דער שוועסטער איינגעגעבען גיפט, פון וועלכען זי האט געמוזט אין א פאר שעה שטארבען.

אלבאני פון זיין זייט אבער האט עדמונד'ן בעשולדיגט אלס פא־ליטישען פערברעכער געגען דער מלוכה און די פרוי אין אונטרייסאפט. די פרוי האט ער בעפאהלען באלד אין געפאנגניס אריינצוזעצען און מיט עדמונד'ן האט ער אליין געוואלט אויף שווערדען זיך שלאגען. אין דיזער צייט אבער איז עדוארד געקומען מיט א מסכה אויפ'ן געזיכט, אנגעטהון אין קליידער פון א איש מלחמה, שטרייט מאנן, און מיט א שווערד אין האנד.

— איך, האט עדוארד געזאגט צו עדמונד'ן, ניט קוקענדיג אויף דיין גרויסען נצחון אין שטרייט און דיין טיטול, מעלדע פיר אלע, דאס דו ביזט א בעטריגער, דער מארדער פון דיין פאטער און ברודער, פערברעכער געגען דער מלוכה און אנ'אויסוואורף פון קאפ ביז די פיס. איך וויל דו זאלסט מיט מיר זיך שלאגען אויף טויט אדער לעבען!

עדמונד מיט עדוארד'ן האבען אנגעהויבען זיך צו שלאגען און עדוארד האט עדמונד'ן טויט שרעקליך געראנעט.

— איך זעה, דאס מיין ענדע קומט באלד אן, האט דער שטער־

בֶּענְדֶער עֶרמוּנְד גֶעזָאגְט , אִיךְ וְויל פַאר מַיין טויט גוּטֶעס טְהוּן . שִׁיקְט וָואס צוּם גִיכסְטֶען אַ שְׁטַאפֶּעט אִין גֶעפֶּאנגְנִים ,קארְדֶעלְיֶעע'ן מִיט לִירְ'ן צוּ בֶּעפְּרַייעֶן . אִיךְ הָאב זֵיי גֶעהַייסֶען טוֹידְטֶען . אִיךְ מִיט רֶעגִינֶע'ן הָאבֶּען אָבגֶערֶעדְט צוּ טוֹידְטֶען קָארְדֶעלְיֶע'ן אוּנ גָאכְדֶעם אַרוּיסלָאזֶען אַ קְלַאגְג , דָאס זִי הָאט פַאר צָרוֹת זִיךְ אַלֵיין גֶעמַאכְט דֶעם טוֹיט .

עֶדוַוארְד אִיז וְוי אַ פַייל פוּן בּוֹיגֶען אִין גֶעפֶּאנגְנִים אַוֶועקְגֶעלָאפֶען . בַּאלְד נָאכְדֶעם אִיז גָאנֶערִילְיֶעס הוֹיפְמֵייסְטֶער גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט גֶע־מֶעלְדֶעט , דָאס זִי הָאט פוּן קוּמֶער אִיבֶּער דֶעם שְׁטֶערְבֶּענְדֶען עֶר־מוּנְד מִיט אַ מֶעססֶער זִיךְ גֶעשְׁטָאכֶען . רֶעגִינֶע אִיז נָאךְ פְרִיהֶער פַאר דֶעם פוּן גִיפְט גֶעשְׁטָארְבֶען . עֶרמוּנְד אִיז אוֹיךְ אִין קוּרְצֶען גֶעשְׁטָארְבֶען .

עֶדוַוארְד אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען . עֶר הָאט אָבֶער אִין גֶעפֶּאנגְנִים פֶּער־שְׁפֶּעטִיגְט : קָארְדֶעלְיֶען הָאט מֶען שׁוֹין גֶעהַאט אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען . עֶדוַוארְד הָאט לִירְ'ן בֶּעפְרַייט אוּנ דֶער אַלְטֶער אִיז אַרַיין , הַאלְטֶענְדִיג דִי טוֹיטֶע קָארְדֶעלְיֶע'ן אִין דִי אָרֶעמְס .

אָ ! וויינְט , יָאמֶערְט , קְלָאגְט ! אִיהר מֶענְשֶׁען מִיט שְׁטֵיינֶערְנֶע הֶערְצֶער , הָאט לִיר גֶעקְרֶעכְצְט . וֶוען בַּיי מִיר וָואלְט גֶעוֶוען אִי זֶעהר פִיעל אוֹיגֶען אִי זֶעהר פִיעל צִינְגֶער , וָואלְט דַאן פוּן מַיינֶע טְרֶערֶען אוּנ אָכְצֶען דֶער גַאנְצֶער הִימֶעל צוּגַאנְגֶען ! אוֹיף עֶוִויג אִיז זִי גֶע־שְׁטָארְבֶען . . . מַיין קִינְד הָאט מֶען גֶעהָאנְגֶען ! . . . זִי לֶעבְּט שׁוֹין נִיט מֶעהר ! פַאר וָואס לֶעבֶּען אַ הוּנְד אוּנ אַ פֶּערְד , אוּנ אַ מוֹיז , אוּנ זִי הָאט שׁוֹין קֵיין אָטְהֶעם נִיט מֶעהר ! . .

עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהר טוֹיטֶען קָארְפֶּער אוּנ הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען בִּיטֶער צוּ וויינֶען אוּנ זִי צוּ קוּשֶׁען .

– דו וועסט ניט קומען , דו וועסט שוין מעהר צו אונז ניט קומען !
אויף עוויג ! עוויג ! עוויג ! . .



און מיט די ווערטער איז ליר געפאלען טויט ניעבען קארדעליען .

ענדע

## אין צוקערמאנן'ס בוכהאנדלונג פערקויפען זיך מיט ראבאט

1) אוריאל אקאסטא, דראמא פון קארל גוצקאוו איבערזעטצט פון י. לערנער 25 ק'

2) איוואנהאֶע, היסטארישע ערצעהלונג פון וואלטער סקאט, איבערזעטצט פון קלאצקין אין 2 טהייל 50 „

3) ראָקטאַר אָקס אדער די פייערדיגע ליעבע פאן די בע-ריהמטע העלדען פון קיקאנדאן פון זשולווערן 30 „

4) הארעל, פאָעמע פון מ. ליעוו 15 „

5) הָצמחס קרעמל, די בעסטע יודישע לידער פון גאלדפאַדן 25 „

6) יענטע די נגידה, ערצעהלונג פון יודישען לעבען אין ליטוי פון אצ"ם 5 „

7) יוליוס צעזאר, היסטארישע טראגעדיע פון שעקספיר 25 „

8) משוגענער אין 7-טען הימעל א רייזע אויף דעם לופט-באללאן פון זשול ווערן 15 „

9) עוויגער יוד, ראמאן אין 6 טהייל מיט בילדער פון אושען סיו (פערפאססער פון מסתרי פאריז) 1,50 רו"ב יעדער טהייל בעזונדער 25 „

10) פראקטישע ענגלישע מעטאדע פון נ. סאקאלאוו 11-טע איפלאגע 30 „

11) פראַנצאָזישע מעטאדע פון מ. הלוי, פאריז 40 „

12) רבה היסטארישע ערצעהלונג פון רעססער 10 „

13) שפיעגעל פיר אללע, פאעזיע אונ ליעדער איבערזעטצט פון יל"ג 15 „

14) געגען די חלירע פון י. ל פרץ 5 „

פרייזען אהנע פארטא. פיר פארטא (פאסטגעלד) דארף מען צו-רעכנען 20% פון פרייז. ווער עס קויפט דיזע אללע ביכער בעקומט 30% ראבאט.

# אין „צוקערמאַנ'ס פאָלקסביבליאָטהעק“

**וועלין ערשיינען ניטצליכע אינטערעסאַנטע ביכער פון די בעריהמטעסטע אייראָפּאישע שריפטשטעללער איבערזעצט אין זשאַרגאָן מיט זעהר א לייכטער שפּראַכע, אונ יעדעס ווערק וועט זיין איללוסטרירט, ד. ה. מיט בילדער.**

**די ביכער וועלען נאָך זייער אינהאַלט געטהיילט ווערען אין 3 אַבטהיילונגען:**

1) **ראָמאַנען אונ ערצהלונגען**, פון די גראָסטע שריפטשטעללער: שעקספּיר, שיללער, גאָטהע, לעססינג, דיקקענס, זשאָרזשאַנד, זשול-ווערן, גראַף טאָלסטאָי, וויקטאָר הוגאָ, אַלפאָנס דאָדע, עליזע אָרזעשקאָ א. ז. וו.

2) **וויססענשאַפטליכע ניטצליכע ביכער**: היגיענע (געזונד-הייטסלעהרע), אַנאַטאָמיע אונ פיזיאָלאָגיע דעם מענשען, באָטאַניק (פפלאַנצענלעהרע), זאָאָלאָגיע (נאַטורלעהרע), חעמיע, פיזיק א. ז. וו.

3) **געשיכטע פון פערשיעדענע פעלקער אונ ביאָגראַפיען** (לעבענסבעשרייבונגען) פון בעריהמטע מעננער-יודען אונ ניכט יודען;

**יעדעס בוך וועט קאָסטען נאָך דער צאָהל פון דרוק בויגען צו 5 קאָפּ' א בויגען (16 זייטען).**

דערוויל זיינען הערויס פון דרוק:

1) **דער עוויגער יוד** בעריהמטער ראָמאַן פון אייזען סיו. (פער-פאַססער פון „מסתרי פאַריז“) אין 6 טהייל 432 זייטען מיט 10 בילדער שאָן געדרוקט אויף גוטען פּאַפּיר. פרייז פון יעדען טהייל 25 קאָפּ'.
אַלע 6 טהייל צוזאַממען 1,35 רו"כ.

דער ראָמאַן „עוויגער יוד“ איז איבערזעצט אין אַללע אייראָפּאַישע שפּראַכען אונ האָט אויף די לעזער געמאַכט דעם גרעסטען איינדרוק, דורך זיין נאַטירליכע שילדערונג פון די העלדען אונ די סצענעס איז „דער עוויגער יוד“ איינער פון די אינטערעסאַנטעסטע ראָמאַנען אין דער וועלט, אונ נאָך זיין אינהאַלט קעננען איהם מיט נוטצען אונ פערגניגען לעזען יונג אונ אַלט, קליין אונ גרויס.

2) **שיילאָק' דער קויפמאַנן פון ווענעדיג.** ערצעהלונג נאָך שעקספּיר, מיט בילדער, פרייז 10 קאָפּ'.

3) **קעניג ליר** אדער **אונדאַנקבאַרע קינדער** ערצעהלונג נאָך שעקספּיר, מיט בילדער פרייז 15 קאָפּ'.

עס דרוקען זיך:

4) **די גאָלדמאַכער** ערצהלונג פון **טשאָקע**.

5) **„דאָס הויז ראָטהשילד“** לעבענסבעשרייבונג.

Книж. магаз. и Издательство А. ЦУКЕРМАНА Варшава, Налевки 15.

צוּקערמאנ'ס פאלקס־ביבליאטהעק .

# דער קאניג ליר

אָדער

## די אוּנדאנקבארע קינדער

בעארבייטעט נאך שעקספירס טראגעדיע



וואַרשא

תרנ"ח

פרייז 15 קאפ' .